# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.



אבאנאמענטס פרייז יאֶהרליך:
אסטרייך-אונגארן - .12 קראנען
האלביאֶהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה, פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.



דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאֶהרליך —.3 „
פיערטעל יאֶהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאָסט 20 קאפ.



קראקויא, תשרי תרס"ב. נומר 40. Krakau, 10 October 1901.


## אינהאלט.



ה. תרס"ב ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901

| די טעג פון: חודש | וואך | | | נייער כ. | אלט. כ |
|---|---|---|---|---|---|
| | | פאזדזיערניק-אקטאבער | | אָקט. | סענט. |
| ל' | זונטאג | יום א' דר"ח חשון. | | 13 | 30 |
| א' | מאנטאג | יום כ' „ „ | *) דעקאבער | 14 | 1 (* |
| ב' | דינסטאג | | | 15 | 2 |
| ג' | מיטוואך | | | 16 | 3 |
| ד' | דאנערס. | | | 17 | 4 |
| ה' | פרייטאג | | | 18 | 5 |
| ו' | שבת | פרשת נח. | | 19 | 6 |

### קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| ל | ג.תתכ"ז | האבען יודען געשלאגען די רוימער ביי דער בעלאגערונג פון ירושלים. |
| א | ה.תרט"ז | געשטאָרבען הגאון ר' חיים רב אין זאלקיעוו. |
| ב | ה. ש"ב | פערברענט עקדה"ש 5 אנוסים אין ליסאבאָן. |
| ג | ה. נ"א | אויף בעפעהל פון עדווארד I פערטריבען אַלע יודען פון ענגלאנד. |
| ד | ה. רצ"ו | האָט פאפסט פויל III יודען בעפרייט פון דעראינקוויזיציע. |
| „ | ה. תקי"ח | דורך א מסירה פון די פראנקיסטען האט מען גוזר געווען פערברענען ספרי תלמוד. |
| ה | ה.תרל"ה | געשטאָרבען דער חובב ציון הג' ר' הירש קאלישער. |
| ו | ה. תכ"ה | פערברענט 237 אנוסים עקדה"ש. |
| „ | ה תרנ"א | אנגעהויבען בויען הייזער אין דער קאלאניע „רחבות“. |


צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau. Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25
mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאָנדאָן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין אַמעריקא:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאָסט אונטער דער נומער: 1920 a Nachtrag VII.

THE
JEWISH COLONIAL TRUST
(JUEDISCHE COLONIALBANK)
LIMITED.
ORDINARY SHARE CERTIFICATE
CAPITAL £2,000,000

This is to Certify that A. Cohen
of 17, Widegate St. Bishopsgate St. London E.C.
is the Registered Holder of one Ordinary Shares numbered
163392
...of ONE POUND has been paid up on each of the said Shares

## די שטעלען וואו מען קען בעקומען די אקציעס פון יודישען קאלאניאל־באנק.

ביאַליסטאָק, פערליס און גינזבורג.
באברויסק, יוסף קאַצענעלסאָן א. זעהנע.
גראָדנאָ, מ. מ. עליאשעוו.
יעקאַטערינאָסלאַוו, מ. אוסישקין.
ווארשא, געברידער באַראך.
„ מ. פעלדשטיין.
„ א. יאסינאווסקי רעכטסאנוואלט.
ווילנא, מ. אראנאווסקי.
„ בן־יעקב.
„ י. ל. גאָלדבערג.
ליבאווא, דר. נ. קאַצענעלסאָן.
„ יוסף קאַצענעלסאָן & זאָהן.
לאָדז, נ. קאָפעל & ה. פאָגעלסאָן.

מאָסקווא, געברידער אוריסאָן.
מינסק, מינסקער קאממערץ־באַנק.
„ מ. ג. ראַפאפארט.
אָדעסא, שמואל בארבאש.
פינסק, פינסקער געזעלשאַפט געגענזייטיגען קרעדיט (ווזאימנאווא קרעדיטא)
פעטראָקאָוו, הענזעל פרענקעל.
טאגאַנראג, אזאווא־ראנער קאמערץ באַנק
ריגא, ל. שאליט.
קיעוו, דר. מ. מאנדעלשטאם.
קאָוונא, קאוונער געזעלשאַפט געגענזייטיגען קרעדיט (ווזאיעמנאָווא קרעדיטא)
„ איסר בער וואָלף

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 40

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרליך —.5 רוביל.
האלב-יאהרליך —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „
ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.
Erscheint Donnerstag.

Krakau, 10 October 1901. — 40. נומר — קראקויא, תשרי תרס"ב.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען!

מיט דער נומער 39 האט זיך געענדיגט דאס אבאנאמענט אויף דעם „יוד" פיר די וועלכע האבען אויסגעשריעבען די צייטונג נור ביז צום ערשטען אקטאבער און מיר בעטען זעהר אזוי גוט זיין גלייך אריינשיקען דאס געלד פיר די וויטערע צייט כדי מיר זאלען קענען ווייטער שיקען די בלעטער כסדר.

אין די ווייטערדיגע נומערן וועט זיך דרוקען איין פרישע ארבייט פון





ר' מענדעלי מוכר ספרים
מיט דעם נאמען
„ישראליק דער משוגענער".

אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство Ахiасафъ, Варшава.
**Verlag Achiasaf, Warschau.**
מינדליך טווארדא נר' 6.

## ווידער אין באזעל.

דער 5-טער קאנגרעס קומט ווידער צונויף אין באזעל, אין דעם ארט, וואו עס איז אנגענומען געווארען דאס ציוניסטישע פראָגראם, וואו עס איז בעשאפען געווארען די ציוניסטישע ארגאניזאציאן, וואו עס איז בעשלאסען געווארען די גרינדונג פון דער יודישער באנק. פון דעם ארט, וועלכער איז אונז ליעב און טייער געווארען דורך די פיעל זכרונות, וועט ווידער ארויס איבער דער גאנצער וועלט דאס קרעפטיגע ציוניסטישע ווארט פון פרייהייט און לעבען פון איין אלטען פאלק, וועלכעס זוכט אין דעם ציוניזם נייע און פרישע קרעפטען פאר די שפעטערדיגע צייטען.

אבער ניט נור בלויז ערמונטערונג און ערפרישונג ווארטען מיר פון דעם קומענדיגען קאנגרעס. מיר ווארטען פון איהם תשובות אויף די אלטע פראגען וועלכע זענען ביז איצט נאך געבליבען אהן א ענטפער, אזוי אויך אויף די נייע פראגען וועלכע וואקסען צוזאמען מיט אונזער בעוועגונג.

די וויכטיגסטע פראגע, וואס וועט זיין געשטעלט אויף דעם 5-טען קאנגרעס, איז בנוגע די באנק. אונזער באנק וועט שוין זיין צו דער צייט פון קאנגרעס געעפענט. און די פראגע איבער דעם פלאן פאר די ארבייט פון באנק, איבער די אפעראציעס און געשעפטען וועלכע זי זאל פיהרען, וועט געוויס פיעל בעשעפטיגען די מחות פון די דעלעגאטען. פון איין זייט דארף די באנק זעהן צו שטיצען די יודישע ארבייט און די קאלאניזאציאן אין ארץ ישראל. פון דער אנדער זייט קען אבער די באנק ניט אריינלעגען איהר געלד אין אזוינע זאכען, אין וועלכע זי זאל ניט זיין גענוג בעווארענט. די באנק קען און טאר זיך אויך ניט בענוגענען נור מיט דער ראלע פון א אונטערשטיצונגס חברה. זי האט פאר זיך העכערע ציעלען און וויכטיגערע זאכען. עס מוזען דערום נעפונען ווערען אזוינע ארבייטען פאר די באנק אין ארץ-ישראל, וועלכע זאלען קענען געפיהרט ווערען אויך געשעפטליך רעעל, וואו דאס געלד זאל זיין זיכער און פון וואנען דאס געלד זאל קענען גיך אריינקומען אין די קאסע צוריק. ווייטער, פרעגט זיך, וואס זאל טהון די באנק, אום צו געווינען אכטונג און צוטרוי, כדי זי זאל אומעטום געהאלטען ווערען ניט פאר א צדקה-חברה, נאר פאר א אינסטיטוציאן, וואס פערשטעהט גלייך מיט אנדערע נאציאנאלע ביינק אויסער נאציאנאלע ציעלען אויך גוט צו פיהרען געשעפטען. דער צוטרוי פון דער וועלט צו אונזער באנק איז אונז וויכטיג דערום, וויל נור דורך דעם צוטרוי קען די באנק קריגען די מעגליכקייט צו פערגרעסערן איהרע קאפיטאלען. און דא ענטשטעהען פיעל וויכטיגע פראקטישע פראגען, מיט וואס פאר א געשעפטען זאל זיך פערנעהמען אונזער באנק, זי זאל קענען געבען דיווידענד איהרע אקציאנערען און זאל אבער ביי אלעם דעם זיך ניט אריינלאזען אין ריזיקאלישע געשעפטען אדער אין אזוינע געשעפטען, וועלכע פאסען אפשר פאר איינצעלנע מענשען, אבער ניט פאר דעם כבוד פון א נאציאנאל-זאך.

די גענויע אויסארבייטונג פון פראיעקטען, די גענויע בעשטימונג פון די רעכטע פון די דירעקטארען און דעם אויפזיכטסראט (דעם ועד פון די משגיחים),— דאס וועט זיין די פונקטען, איבער וועלכע דער קאנגרעס דארף זאגען זיין בעשליסענדע דעה.

די פראגען איבער קולטור, ד. ה. איבער די פיעל פונקטען, וואס זענען נוגע דאס גייסטיגע,ווירטשאפטליכע און פיזישע לעבען (שפראך, ליטעראטור, קונסט, ערציהונג, די פערבעסערונג פון דער מאטעריאלישער

לאנגע; די פראגען איבער די פערבעסערונג פון דעם שטאנד פון געזונדהייט) — די אלע פראגען וועלען געוויס פערנעהמען א וויכטיגען ארט אין די ארבייטען פון דעם 5־טען קאנגרעס און א גאנץ אנדערען, ווי אויף די פריהערדיגע קאנגרעסען. אלגעמיינע ויכוחים בכלל איבער קולטוראַרבייט, צי זי איז נייטהיג אדער ניט, צי זי געהערט צום פראגראם פון קאנגרעס אדער ניט, וועלען שוין איצט געוויס מעהר ניט געפיהרט ווערען. דאס לעבען האט אליין פערענטפערט די פראגע, אויף וועלכע דער קאנגרעס האט ניט געקאנט געבען קיין ענטפער. די געגנער פון קולטוראַרבייט זענען צושמאלצען געווארען ווי שניי פון דער פריהלינגדיגער זון. די רוהיג און שטיל, אבער זיכער געהענדיגע צייט האט זיך ארויסגעוויזען שטארקער ווי די הייסע רעדען און זי האט גובר געווען אלע ספקות און פראטעסטען. נאך מעהר, דאס פראגראם פון קולטוראַרבייט, וועלכע האט זיך פריהער בעצויגען נור אויף רוחניות זאכען, איז אויך שטיל און אפילו אהן ויכוחים דערווייטערט געווארען, און ווי פון זיך אליין איז אין דעם ציוניסטישען פראגראם אריינגעוואקסען א נייער פונקט איבער די פערבעסערונג פון דעם ווירטשאפטליכען און קערפערליכע צושטאנד פון אונזער פאלק. אויך בנוגע צום נייעם פונקט וועלען מסתמא קיין אלגעמיינע ויכוחים ניט געפיהרט ווערען. א מלחמה געגען די דאזיגע ערווייטערונג פון פראגראם האט ניט די מינדעסטע האפנונג אויף א נצחון.

די גאנצע וויכטיגקייט פון דעם פונקט איבער קולטור־פראגען ליגט דערום ניט אין די אלגעמיינע ויכוחים, ווי עס איז געוועזען ביז איצט, נאר אין זייער פראקטישער זייט: אין די פראיעקטען איבער די איינצעלנע פונקטען און אין די מיטלען ווי זיי דורכצופיהרען.

פון דעם פונקט איבער ארגאניזאציאן ווארטען מיר וועניג נייעס. אונזער ארגאניזאציאן איז בכלל ניט שלעכט, און ווען די ארגאניזאציאן איז איצט אבגעשוואכט געווארען, זענען אין דעם שולדיג ניט די תקנות. די פערענדערונגען אין די תקנות פון דער ארגאניזאציאן וועלען קיין פערענדערונג אין אונזער בעוועגונג ניט ארויסרופען.

ווען מיר וועלען נאך צורעכענען דעם פונקט איבער דעם נאציאנאלפאנד און דעם דין וחשבון פון דעם אקציאנסקאמיטעט, האבען מיר פאר זיך דאס גאנצע פראגראם פון קאנגרעס. דער דין וחשבון איז תמיד פערבונדען מיט וויכטיגע ויכוחים און מיט דער קריטיק פון דער ציוניסטישער ארבייט. הא״יאהר אבער קען מען ניט ווארטען אויף א וויכטיגע און לעבעדיגע קריטיק. די ציוניסטען אליין אהן דעם אקציאנס־קאמיטעט האבען צו וועניג געטהון, און דער אקציאנס־קאמיטעט האט היינטיגעס יאהר געארבעט מיט מעהר ענערגיע און האט זיך בעמיהט זיך צו רעכענען מיט דעם פערלאנג פון די ציוניסטען, דערום וועט מען פון דעם גאנצען הארצען דעם קאמיטעט מוחל זיין אויף די איינינע פעהלער, וואס זענען געמאכט געווארען.

דער 5־טער קאנגרעס וועט ניט זיין קיין קאנגרעס פון וויכטיגע ויכוחים, עס איז אויך ניט צו ווארטען אויף א גרויסע אויפרעגונג און געהיצטקייט, וועלכע זענען געוועזען אויף די ביז איצטיגע קאנגרעסען. פאר איהם שטעהען פראקטישע פראגען און אויף איהם ווארט פראקטישע ארבייט. אויב ער וועט אבער באמת זיין איין „ארבייטס־קאנגרעס“ אדער ניט, — דאס קען אבהיינגען נור פון די דעלעגאטען און פון זייער צוגעגרייטקייט.

די אסיפות פון דעם 5־טען קאנגרעס וועלען אייגענטליך געדויערען נור דריי טעג. צייט פאר ויכוחים איז אבגעגעבען גאנץ וועניג. פאר אלע פונקטען איבער די גייסטיגע, ווירטשאפטליכע און פיזישע פראגען איז אבגעגעבען נור איין איינציגע אסיפה, בעת פאר די דאזיגע אסיפה וועלען זיין בעשטימט איינינע רעדען. פאר די באנקפראגע צור־

# פעלעטאן.

ירושלים, 8 יולי 1901.

## צו דעם פיעלגעליעבטען יודישען פאלקסדיכטער ה״ר ש. י. אבראמאוויטש נ״י! *)

פון דער הייליגער שטאדט ירושלים טהו איך אויסשטרעקען מיין רעכטע האנד, און גיב אייך אב טאקע גאר דעם בריטען שלום־עליכם! וואס זשע מאכט איהר עפיס גוטס זיידעניו? געלויבט און געדאנקט איז זיין ליעבער נאמען, וואס מ׳הערט גוטע בשורות חאטש פון ווייטען. מיר איז כ׳לעבען געוועזען א גרויס חידוש, וואס עפיס פלוצים האט אונזער ליעבער פאלקסדיכטער זיך אבגעזונדערט פון דער ליטעראַרישע וועלט, און ניט אמאל געלאזט הערען פון זיך אזא לאנגע צייט, גלייך ווי חלילה — זאל גאט שומר און מציל זיין — ס׳נישט דא א׳נ׳אבראמאוויטש אויף דער וועלט! נאר אודאי האט איהר געהאט אייער מיין, אייער קוק דערביי, א קוק, וועלכען מיר פראסטע מענשעליך קענען ניט פערשטעהען. או איהר זענט חלילה ניט פויל אויף דער פען, דאס ווייס איך, ווארים איך בין דאך עפיס אייערער א בן־עיר, האטש איהר זענט ניט אליין א געבוירענער א גלופסקער. איך געדענק אייך גאנץ גוט, ווען איהר זענט נאך געוועזען א יונגער־מאן בלוט און מילך, ווען איהר האט געוואוינט מיט אייער שוועהר ה״ר זלמן לעווען ז״ל, אנטקעגען איבער וואלף האלדעס ווינשענק. פאר מיינע אויגען שטעהט נאך דאס הויז מיט דעם לאנגען גאניק, די טרעפ באלד פון דער גאס פיהרען ארויף אין א קארידאר, צוויי טהירען רעכטס אין לינקס, די לינקס, פיהרט אריין אין אייער נאטועלינען שוועהרס קאנצעלאריע, און די רעכטס, עפענט זיך אריין אין איין פיערעקיגעם ניט זעהר א גרויסעם צימער. נעבען דער טהיר, רעכטס אין ווינקעל שטעהט א שרענקיל מיט ספרים, א ביסיל ניט ווייט פונ׳ם שרענקיל, צו די פענסטער, א קליינע שווארץ איבערנעצויגענע סאפע, א רונדער טיש פאר׳ן סאפע און נעבען טיש זיצט (גלייך ווי איך וואלט עס ערשט יעצט געזעהן) טאקע איהר אליין א יונגער־מאן, טאקע אהן א בארד, טאקע אהן א היטעל, אבער א פנים!... טאקע ווי פון א אדם חכם, א פאר אויגען, וועלכע קוקען ארויס פון אונטער נאלדענע ברילען, און גראבען זיך טיעף, טיעף אין מענשענס הארץ, גלייך זיי וואלטען וועלען אויספארשטען וואס עס ליגט דארט טיעף פערבארגען. א פנים, בלאס, מאגער, מיט אזא מין מינע פון רחמנות מיט אזא טיעפען ערנסט, אז דאס הארץ פיהלט א מין ציהעניש, א מין שמערץ, פון וועלכען מ׳האט הנאה. אזוי זעה איך אייך זיצען מיט דער פען אין דער האנד, אויפ׳ן סאפקעלע ליגט א גרויס בוך אפען, איהר קוקט אריין און שרייבט אויף פאפיר, פונ׳ם דייטשען אין לשון קודש אייער ערשטען חלק „תולדות הטבע“. ווי גרויס, נעדענק איך, איז מיין שמחה געוועזען, ווען מיין טאטע (א גלופסקער צעלניקער, אין דער גרויסער רייהע קלייטען אויף דער אלטערשטאדט) איז געקומען פון קלייט, און האט מיר מוסר געוועזען אייער „תולדות הטבע“. ווי האב איך פערשלונגען די ווערטער פון אייער ספר „למדו היטב“ וועלכער איז שפעטער פערוואנדעלט געווארען אין אייער פיעלבעריהמטען „האבות והבנים“ — וועה! וועה! מעג מען שרייען, ווען אזעלכע זשעניען ווי איהר זיידעניו, ווארפען א׳נ׳אום־חן אויף זייער גאלדענע פען, און לאזען זיי ליגען פערטרוקענט, דארט אין א ווינקעלע! — —

איך געדענק נאך אייערע ערשטע ספרים אין זשארגאן „דאס קליין מענשעלע“, פישקע דער קרומער“, א לעבעדיגע יודישע נשמה, וועלכע

*) דער בריעף איז אונז איבערגעגעבען פון מענדעלי מוכר ספרים׳ס פריינד אין אדעס. רעד.

זאמען מיט דעם פונקט איבער דעם נאציאנאלפאָנד איז אבגעגעבען אויך נור איין איינציגע אסיפה. ווען מיר זאָלען זיך נאך רעכענען מיט דעם, וויפיעל צייט עס ווערט אויף דער אסיפה פערלאָרען אויף וויטיגע זאכען, ווי אויף איינהאלטען די ארדנונג, ווי אויף רעדען איבער „געשעפטס־ארדנונג", וועט יעדער מוזען מודה זיין, אז די צייט איז צו קנאפ, מען זאל זיך קענען אָבשטעלען לענגער אויף די אנגערופענע פראגען.

ניט האבענדיג גענוג צייט ארומצורעדען יעדען פונקט בעזונדער, וועלען די דעלעגאטען זיך מוזען בענוגענען נור מיט אבגעבען פון זייערע שטימען אויף יאָ אדער אויף ניין, און דערמיט אליין וועט נאך געוויס דער קאנגרעס ניט פערדינען דעם נאמען „ארבייטס־קאָנגרעס", וועלכען מען ניט איהם שוין פאָרויס. ער קען אבער דעם דאָזיגען נאמען עהרליך פערדינען, דערצו איז נור נייטהיג די ערפילונג פון בעשטימטע פאָדערונגען, וועלכע מען דארף שטעלען צו דעם אקציאָנס־קאמיטעט, צו די אויסקלויבער און צו די דעלעגאטען.

דער אקציאָנסקאמיטעט דארף זאָרגען, אז אלע פראיעקטען און פלאנען זאָלען געדרוקט ווערען א געוויסע צייט פאר דעם קאָנגרעס, כדי מען זאל האבען נאך פאר דעם קאנגרעס גענוג צייט ארומצורעדען און צו בעקלערען די אויפגעשטעלטע פראגען. די אויסקלויבער דארפען זיין אבגעהיט אין דעם אויסקלויבען פון דעלעגאטען. מען דארף קלויבען ניט אבי וועמען, ווער עס וויל נור פאָהרען, נאר די וועלכע פערשטעהען גוט דעם ציוניזם, וועלכע זענען איהם אבגעגעבען און וועלכע קענען איהם זיין ניצליך.

די דעלעגאטען דארפען צונויפקומען מיט עטליכע טעג פריהער און זעהן אז די אלגעמיינע אסיפות פאר דעם קאָנגרעס זאָלען זיין גוט איינגעאָרדנעט. ווי וויכטיג עס זענען די דאָזיגע אסיפות האבען קלאָר ארויסגעוויזען די ביז איצטיגע קאָנגרעסען, אין זיי קענען די דעלעגאטען בעקאַנט ווערען מיט די פראגען, איבער וועלכע דער קאָנגרעס דארף ארויסזאגען זיין דעה, אין זיי ווערט יעדעם קלאָר די מיינונגען און די טענות פון יעדער פארטיי. נאך אזוינע אסיפות קומען שוין די דעלעגאטען צום קאָנגרעס מיט געוויסע פאָדערונגען און מיט בעשטימטע ווינשען; נאך די ויכוחים אין די אסיפות פאר דעם קאָנגרעס קען מען שוין גאַנץ רוהיג וועניגער רעדען אויף דעם קאָנגרעס אליין, ווייל אלסדינג איז שוין ארומגערעדט געוואָרען פריהער.

עס וואָלט זעהר ניצליך געווען, ווען אויך די פערשידענע קאָמיסיעס וואָלטען געקענט צונויפקומען עטליכע טעג פאר דעם קאָנגרעס. זיי וואָלטען דאן מעהר צייט געהאט ארומצורעדען די פראגען וועלכע געהערען צו זיי, און וואָלטען אויך געהאט די מעגליכקייט צוצושטעלען פריהער זייערע ארבייטען דער פארקאָנפערענץ.

די צייט, וועלכע עס איז בעשטימט געוואָרען פאר דעם היינטיגען קאָנגרעס, איז גוט דורך דעם, דאס זי וועט אונז פריי מאכען פון די פיעל צופעליגע בעדער־דעלעגאטען, וועלכע קומען צו אונזערע קאָנגרעסען נור אין זומער־צייט פון פערגעניגען וועגען. קיינער פון אונז וועט ניט האָבען קיין עגמת־נפש, ווען די צאהל פון די דעלעגאטען וועט הייאהר ווינציגער זיין. אדרבה, וואס וועניגער עס וועלען זיין ניט נייטהיגע און ניט פאסעדיגע דעלעגאטען, וועט אלץ בעסער זיין די ארבייט פון קאָנג־עס. זאָלען מיר נור די קנאפע צייט, וואס איז בעשטימט פאר דעם קאָנגרעס, ניט פערשווענדען אויף אגיטאציאָן פאר די קריסטליכע אדער פאר די יודישע וועלט. זאָלען מיר די טהייערע צייט בענוצען אויף א מיושב'דיגע ארבייט. די געזעצטקייט פון אונזערע אסיפות און אונזער ארבייט,— זיי וועלען שוין אליין זיין די בעסטע מליצים פאר אונזער זאך.

י. ל.

---

איהר האָט געפונען אויף דער קאשטיניפקע אין דער גרויסער געמויערטער באד; מיר שיינט, זיין אמת'ער נאָמען איז געוועזען „יענקעלע דער קרומער" איין אונטערגעשלאָגענע פיגור, מיט א ביסיל האהר אזוי ווי פלאַקס אויפ'ן קאָפּ, מיט גראָבע ליפען און א פאָר געשוואָלענע, רויטע נאקעטע פיס, איך געדענק זיי ביידען: יענקעלען מיט אייער פישקען, אייער פישקע איז דאמאלס געוועזען גאָר טאַקע קליין, און אביסעלע מאָגער אויך; אָבער גוט, פראָסט האָניג, יעדער האָט באמת געלעקט די פינגער! און אייער "טאקסע"? מיט וועלכען אייפער האָב איך זי פערגעלעזען פאר מיין טאַטען און מיין מאַמען! וואָס פאר א זיסקייט האב איך אין איהר געפיהלט! יעדע פערזאָן האָב איך פערזענליך געקענט, משה יוסי חאדראף, שעיה האָראָוויטש, אלטער זאיקע, משה איצי האָראָוויטש, און טאַקע ר' שלמה וועקער מעלתו אליין, און אייער פריינד דאָקטער בוימהאָלץ; היינט טאַקע די שפראַך און דעם טיעפען שמערץ, וועלכען מ'פיהלט אַרויס, ווי שטאַרק, ווי אמת נעביך איהר פיהלט פאר אייערע ארימע ברידער! און אויף איינמאָל איז אלעם אבגעשניטען געוואָרען, און אונזער אמת'ער פאָלקסדיכטער, אונזער אמת'ער אוהב ישראל, האָט אוועקגעשטעלט דאס שרייבצייג אויף א זייט, וְאֵין חַזוּן מאבראמאוויטש! אמת טאַקע אז ווי עס שיינט, איז חלילה ניט ענטשטאַנען א מאַנגעל אין ביכליך דורך דעם, וואָס איהר האָט אויפגעהערט שרייבען. אָבער אימשטיינס־געזאגט, וואָס פאר א מין ביכליך? שמר'ס אינטערעסאַנטע ראמאַנען און נאָך אַזעלכע טויזענדער שמאַטעס, וועלכע זענען מְקרֵב דעם קֵץ, ס'זאל מקוים ווערען "אָז יְרַנְּנוּ עֲצֵי הַיַּעַר" מ'וועט נעביך די בוימער צוריה לאָזען, ס'וועט זיין באַלד שמאַטעס גענוג, פאפיער מיט וואָס צו הייצען די הרובעס. פיעלע, זעהר פיעלע טאַקע האָבען געפיהלט אַז איהר מיט אייער מין שרייבען פעהלט! טאַקע איך אַליין, ווי אָפט האָב איך אויסגערופען: אוי ר' מע:דעלע, ניטא נאך אזא ר' מענדעלע! נאָר אַז מ'לעבט דערלעבט מען. אויף איינמאָל האָב איך דערלעבט צו זעהען ביי אונז אין ירושלים "אַלע כְּתָבִים פון מענדעלע מוכר ספרים" מיר איז ליכטיג געוואָרען אין די אויגען, צו מיין שמחה איז גאָר קיין ענדע ניט געוועזען; און חאטש איך בין לא עליכם א גרויסער קבצן, האב איך געטהון וואס כ'האב נור געקענט, געשטעכעוועט, געביטען און אויסגעביטען אלע אינטערעסאַנטע ראמאנען פאר אייערע דריי ביכליך: „פישקע", "די קליאטשע" און "דער פריזיוו." איהר קענט אייך גאָר ניט פארשטעלען מיין גדולה, ווען איך האב די ספרים אייערע אַהיים געבראַכט. דאס ערשטע האָב איך מיר א נעם געטהון צו פישקען. דאָך עפיס איין אַלטער בעקאַנטער! אָבער ווער וואָס? גאָר ניט דער פישקע! אָהן עין־הרע, עפיס איז פישקע אויסגעוואַקסען, אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער דיק! כ'האָב מיך צו פישקען צוגעהאַפּט ווי איין אויסגעהונגערטער צו א גרעצקע ברויט, געלעזען מיט געשמאַק, גוט געסמיאקעוועט יעדעם ווארט, און שטאַרק הנאה געהאט. אייער פריזיוו, פון איהם בין איך גאָר אַרויס אויס די כלים, ובפרט ווען איך האָב דאָרט דערזעהען אייער בילד, האָט מיך אַנגעחאַפּט א מין קלעמעניש. א זיידע! א'נ'אלטיטשקער זיידע זענט איהר געוואָרען. יאהרען רוקען זיך, קומען אָן מיט זייער ווייסער פארב, און מאַכען אונז ווייסע קעפּ, ציהען קנייטשען אויף אונזערע פנים'ער, מ'ווערט אַלט! איך קוק מיך איין אין שפיגעל, און טראַכט ביי זיך: הע! דו ביסט אויך שוין שטאַרק ווייס, אָט באַלד, באַלד רוקט אָן דער פר'זיוו, מ'רופט, און מען מוז זיך שטעלען!... אָבער ווי גרויס איז דער אונטערשיעד צווישען מיר און אייך, ליעבער זיידע! וואָס קען די וועלט אין מיר פערלירען? גאָר נישט! העכסטענס קען אונזער מוכר ספרים, ביי אונז אין ירושלים פערלירען א קונה ווי איך, און ניט האָבען מיט וועמען צו מאַכען טויש־געשעפטען — אָבער אזא פערזענליכקייט ווי איהר, אָט וואָס די וועלט קען פערלירען! שרייבערליך פון אינטערעסאַנטע ראמאַנען, זענען ביי אונז יודען דא גענוג, און פערמעהרען און פרוכפערען זיך; און די מחריבי

## איין ווארט איבער די חֲדָרִים.

ווען מיר וואָלטען צוזאַמענגעקליבען אַלע מַאֲמָרים, וועלכע זענען שוין געדרוקט געוואָרען איבער די שאלה פון די חדרים, וואלטען מיר נעהאַט גאַנצע פעק פון כתבים, וועלכע וואלטען פערנומען גאַנצע ביבליאטהעקען.

ווען מיר וואָלטען אָבער אָנגעהויבען דורכזועהן מיט קאפ אַלע עצות, וועלכע מען האָט אונז געגעבען, וואלטען מיר אַזוי פערטומעלט ווערען, אַז מיר וואָלטען ניט געוואוסט ווער וועמען.

איז דאָס ניט קיין חדוש, אַז נאָך אַזוי פיעל רעד שטעהן מיר נאָך אַלץ אויף דעם אַלטען אָרט, וואו מיר זענען געשטאַנען מיט 40 — 50 יאָהר צוריק? די חֲדָרִים זענען ווי געוועזען, די מלמדים לערנען ווי געוועזען, און דער יונגער דור געהט פערלאָרען אַזוי ווי עס איז געוועזען.

די עטליכע חדרים, וועלכע מען האָט אין דער לעצטער צייט אין פערשידענע שטעדט געגרינדעט, דאָס הייסט די חדרים מתוּקָנִים, וועלכע די מַשְׂכִּילִים האָבען געמאַכט — די עטליכע חדרים זענען נור ווי איין טראפען אין ים הגדול. און אויך זיי האָבען קיין כח ניט לאַנג צו לעבען און דאָס ר״ב פון זיי ווערט נאָך אַ קורצער צייט פערמאַכט, ווייל זיי האָבען פיעל אויסצושטעהן פון אַלע אַנדערע מלמדים, ווי אויך פון די נעגנער, און אַזוי בלייבט די שאֵלה פון די חדרים נאָך אַלץ שטעהן אויף איין אָרט.

אמת, די ציוניסטען האָבען געפּרופט נעהמען די חדרים אין זייערע הענד און נאָך גאַר נ י ט ל אַ נ ג איז אויך אין דעם ״יוד״ געדרוקט געווען איין אַרטיקעל, וואו די ציוניסטען ווערען אויפגעפאָדערט זיך צו נעהמען פאַר די אויסבעסערונג פון די חדרים.

מיר אָבער צווייפלען זעהר, אויב דאָס וועט אונז ציוניסטען געלונגען; דער טַעַם איז איין גאַנץ איינפאַכער: די קינדער פון די חדרים זענען דאָס ר״ב קינדער פון מיטעלע בעלי־בתים, ווייל די אינטעלעגענץ ווי אויך דאָס אָרימע פאָלק שיקען די קינדער ניט אין חדר, די רייכערע לערנען אין שולען און די אָרימע לערנען אין תלמוד תּורה, און דאָס ר״ב מיטעלע בעלי־בתים געהערען נאָך נישט צו די ציוניסטען. און ווען אַפילו זיי געהערען שוין צו די ציוניסטען, זענען זיי נאָך ניט אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז זיין זאָלען זייערע קינדער אין גאַנצען אַנפערטרויען אַ געשטודירטען אָדער אַזוי אַ משכיל, אַז ער זאָל זיי מַדְרִיךְ זיין אין יודישקייט. דער בעל הבית וועט געהן הערען מיט פערגניגען דעם דאקטארס אָדער יוריסטענס דרשה, ער וועט איהם איין שקל אריינטראָגען, ער וועט קויפען איין אַקציע אָדער טאָקי עטליכע און אַלץ ביים דאקטאר אָדער יוריסטען, וואָס עס געהערט זיך אָבער צו חדר, צו זיין קינדס לערנען, דאָ זוכט ער אַנדערע בַּר סַמְכָאִ׳ס.

און די בר סמכא׳ס לאָמיר איהם יעצט געבען.

עס איז שוין צייט צו מאַכען אַ סוף פון דעם שטענדיגען רעדען, עס איז שוין צייט עפעס אָנהויבען טהון. מיט זיסע רעד, מיט גוטע עצות, זאָגט מען, איז דער גאַנצער גהינום אָנגעפאָקט, און ווען מיר ווילען טאָקי טהון און ניט נאָך אַנאַנד רעדען, וועט אונז לייכט זיין אַלע חדרים, לכל הפחות דאָס ר״ב פון זיי אויסצובעסערען. ווייל ווי אויך די מלמדים אַזוי אויך די עלטערען ווייסען גאַנץ גוט, אַז די חדרים, ווי זיי זעהען יעצט אויס, קענען שוין ניט לאַנג עקסעסטירען. די מלמדים ווייסען ווי שווער זיי קומט יעצט אָן אָנהויב זמן מאַכען איין חדר. יעדער פון זיין האָט ערשטענס מלחמה צו האַלטען מיט אַלע איבריגע מלמדים פון איין זייט און מיט די פריוואַטשולען, וועלכע עס געפינען זיך אין יעדער שטאָדט פון דער אַנדער זייט. וואו די מלחמה איז אַזוי גרויס, וואו די

הלשון, די שפה־בלולה׳ניקעס טהוען טהון ארויסשפראָצען, ווי גראז אויפ׳ן פעלד, אָבער א ר׳ מענדעלע, אַ יוד מיט אברענענדיג יודיש הארץ — איז טאָקע נור איינער!... און וואָס וועט ווערען פון זיינע כתבים? אך! איין אומגליק, וואָס איך בין נעביך אַ׳נ׳אָרימאַן! ווען איך זאָל האָבען מַטְבְּעוֹת, וואָלט איך געווען אַ בעלן אַליין אָבדרוקען דעם ויידענס אַלע כתבים, און דערצו נאָך אויף רעגאַל פאפיר, און פערטהיילען דער יודישער וועלט, אַ מתנה צום אייביגען נעדעכעניש. — אָבער א׳נארימאַן קען קיין בעל צדקה ניט זיין! — אַזוי ווי איך טראַכט מיר אַזוי, ברייננט מען מיר אַריין דעם „הַצְּבִי״ מיט איין הוספה, אַ מוֹדָעָה פון וואַרשאווער חברה ״תּוּשִׁיָּה״, אַז זיי ווילען אַרויסגעבען 200 סְפָרִים, אונטער דעם נאָמען „ביבליותיקה עברית״, און אויפ׳ן צעטיל וואָס זיי רעכענען אוים די ספרים, שטעהט צום ערשטען געשריבען „כָּל כִּתְבֵי מענדעלע מ״ס״. איך בין געוואָרען מְלֵא־שִׂמְחָה, האָב געוואַשען די הענד, ווי איין עהרליכער יוד געמאַכט שֶׁהֶחֱיָנוּ, חאָטש כ׳האָב נאָך די פְּרִי חֲדָשָׁה מיט מיינע אויגען ניט געזעהען; און באַלד בעשלאָסען — אפילו שווערליך אַ ביסיל, 35 קארבען ביי אונז אין ירושלים איז אַ ממון קורח — און אַריינגעשיקט די ערשטע 2 רובל און ווארט, ביז איך וועל דערלעבען זעהען ר׳ מענדעלעס ערשטען ספר. דער ע׳ שטער ספר איז געקומען, אָבער ניט ר׳ מענדעלעס, נא איז וואָס? — טראַכט איך מיר — וועט זיין דער צווייטער, דער דריטער, חברה האָט דאָך צוגעזאָגט שוואַרץ אויף ווייס. אָבער אָט אַ פנים חברה האָט נור אונטערגערוקט אַ לעקיכיל — ס׳זאָל ציפען; 140 ספרים האָבען זיי שוין געליפערט, אונטער זיי געפינען זיך כתבים... כל כתבי... נאָר מענדעלעס ספרים ניט! דעם ווייַדענס ספרים, וועלכע וואָלטען באמת פערשענערט די ״ביבליותיקה עברית״ די פעהלען; און די אַבאָנענטען וואָלטען געקענט לאַנג וואַרטען, ווען, איהר אַליין וואָלט זיך ניט געוועזען אַ ריהר געטהון, און אָבגעפרישט אייער פען. יעצט זעהען מיר אונזער ליעבען ר׳ מענדעלע זיצט זיך ווידער אויף דער קעלני, און האָט אונז געבראַכט אַ פרישע מתנה, — נייע ספורים פון אונזער ליעבען אַלטען ויידען. איך האָב אויך — ווי ארים איך בין — אויסגעקראַצט אַ רובעל, און בעקומען אייער ערשטען, ניי ארויסגעגעבענעם ספר. אַ טבע האָב איך צו קוקען אין א ספר פון דעם ערשטען בלעטיל, אפשר וועל איך געפינען עטוואָס נייעס. און ווי זאָגט אייער פייביש? ״גאָטס וואונדער, אַז מ׳זוכט, געפינט מען״. איך האָב געפונען אויף דעם אומשלאַג פון אייערע ״ספורים״ אייער אדרעסע, און אַז ביי אייך געפינט זיך צו פערקויפען ״מסעות בנימין השלישי״, לכן שיק איך אייך 1 רובעל און בעט אייך, מיר צושיקען אייער ״מסעות בנימין השלישי״ און ווען אייער גוטער ווילען איז, איהר זאָלט באמת מאַכען אַ געפעלינקייט אַ מענשען, וואָס איהר זענט ביי איהם (איך שעם מיך ניט צוזאָגען) זיין אידעאַל, בעט איך אייך, איהר זאָלט מיר שיקען אייער ״האבות והבנים״, וועט דאס ביי מיר זיין די טהייערסטע מתנה. איך פערשטעה אַליין אַז אַ רובעל פאַר די צוויי ספרים איז גאָר נישט, נאָר וואָס זאָל איך נעביך טהון, איך בין דאָך אַ קבצן, מיט א גרויסען יֵצֶר־הָרָע צו אייערע ספרים, און האָב דעם אָרימאַנס חֵשֶׁק. בזכות זה וועט אייך זיין ליעבער נאמען מְזֻכֶּה זיין אָבצודריקען אַלע אייערע ספרים, און פערקויפען גוט און גיך, אַזוי אַז איהר זאָלט מיט נחת און מיט געזונד ווייטער קענען אַרבייטען לטובת שְׂפָתֵנוּ הקדושה, ולשמחת כל מוקירי ומחבבי ספריה, און צווישען זיי אייער אמת׳ער פריינד, וואָס שעצט אייך און בענשט אייך פון גאַנצען הארצען, דוד גאָלד, אַ גלופסקער אַ געבוירענער.

p. s. אייערע תולדות הטבע, די נייע ספורים, קליין מענשעלע, פישקע, קליאטשע, טאקסע, און פריזיוו האָב איך אַלע.

דוד גאָלד.



קינדער מוז מען פשוט ארויסרייסען פון דעם אנדערען, קען דאס נאר אהן רכילות, לשון הרע און חניפה נישט געהן, מען מוז נעהמען וואס עס מאכט זיך, מען קען אויף דעם אלטער ניט קוקען; האט דער מלמד 20 קינדער, האט ער 20 כיתות און מוז לערנען מיט יעדען 5 אדער 10 מינוט בעזונדער. בעת מען לערנט מיט איינעם קעהרען די אנדערע קינדער דאס הויז קאפויר; יעדער פאטער, יערע מוטער האט זיין און איהר קאפריז, און דער מלמד מוז פאר אלעמען יוצא זיין, בכדי דער תלמיד זאל בלייבען אויף דעם צווייטען זמן. יעדער מלמד ווייס גאנץ גוט אין הארצען, ווי שלעכט ער לערנט מיט די קינדער, וואס פאר איין קליינע פעולה זיי האבען, זיין איינציגע נחמה איז אז ביי די אנדערע מלמדים איז דאס אויך ניט בעסער.

די מלמדים וואלטען געפאלגט אלץ, וואס מען פערלאנגט פון זיי, נאר ווען מען זאל זיי צוהילף קומען און מאכען ארדענונגען אין זייערע חדרים.

די בעלי־בתים פון זייער צד ווייסען אויך, אז זייערע קינדער לערנען 5 — 6 יאהר אין חדר און געהען ארויס בורים אהן עפעס קענען, ניט זיי קענען דעם תנ"ך פערשטעהן, ניט זי ווייסען וואס זיין דאווענען, ניט זיי ווייסען פון אונזער היסטאריע. די עלטערן ווארפען זיך אהער און אהין, זיי ווילען נעבעך אליין פרובירען געבען דעם מלמד איין עצה ווי צו לערנען, נאר עס קומט ארויס נאך ערגער, ווייל ניט יעדער בעל הבית וועלכער איז איין מבין אויף האלץ אדער רויכווארג, קען א דעה זאגען ווי מען זאל לערנען.

ווי די מלמדים אזוי אויך די בעלי־בתים נייטהיגען זיך אין די מענשען, וועלכע זאלען זיך נעהמען אויסצובעסערן די חדרים, און ווען מען זאל זיך נעהמען, איז דאס גאר ניט אזוי שווער נוט צו מאכען ווי דער עולם מיינט.

עטליכע מענשען אין יעדער שטאדט, מענשען קלוגע און אויך מבינים אין לערנען, זענען שיין גענוג, אום די חדרים צו ארדנען, און איך וויל האפען אז מיר וועלען זיי בעקומען אין יעדער שטאדט.

מען מוז נור האבען, ווער עס זאל זיי אויפזוכען, און דאס וועלען געוויס די מלמדים אליין טהון, ווייל ווי איז דאס נוגע אין לעבען.

הגם דאס איז אויך זעהר וויכטיג פאר די בעלי־בתים, וואס ווינשען די אויסבעסערונג פון חדרים צוגלייך מיט די מלמדים, אבער אויף די בעלי בתים דארפען מיר זיך ניט פיעל פערלאזען, ווייל זיי זענען דאס ר"ב פערנומען אין זייערע געשעפטען און ביז זיי וועלען זיך צוקלויבען עפים טהון, וועט זעהר פיעל צייט פערלארען געהן.

מען מוז אין יעדער שטאדט מאכען איין קאמיטעט פון איין געוויסער צאהל מבינים און קענער. אין דעם קאמיטעט מוזען אריין מענשען פון פערשיעדענע קלאסען ווי פון די פרומע אזוי אויך פון משכילים. ווען איך רעד פון פרומע און משכילים, מיין איך אבער אזעלכע פרומע און משכילים, וועלכע פערשטעהען גוט וואס עס ווערט געלערנט אין די חדרים.

מען מוז האבען מענשען פון פערשיעדענע קלאסען, כדי מען זאל זיין בעווארנט, אז קיין פארטיי זאל די חדרים ניט ארייננעהמען אין איהרע הענד.

אין דעם קאמיטעט מוזען זעלבסטפערשטענדליך זיין אויך דער דוהאוונער רב און דער קאזיאנער ראבינער. דער רב מוז זיין, ווייל דאס פאלק וועט דאן צוטרוי האבען, אז מען וויל ניט פון זייערע קינדער גאט ווייס וואס מאכען, און אחוץ דעם ווען דער קאמיטעט וועט אויסשליסען שלעכטע מלמדים און ביי זיי די קינדער אבנעהמען, וועלען דאן די אויסגעשלאסענע מלמדים ניט קענען געהן מיט לשון־הרע און ליגענס געגען די איבריגע גוטע מלמדים.

און דעם ראבינער (דער רעגירונגסראבינער) מוז מען אויך האבען, ווייל ערשטענס איז דאס גאר ניט קיין כלל, אז איין ראבינער מוז ניט קענען קיין יודיש, און ווי־עדער ווען דער ראבינער איז אפילו פרעמד פון יודישען וויסען, מוז מען איהם דאך האבען אין קאמיטעט, ווייל וואס מיר וועלען ניט רעדען און וואס מיר וועלען געגען איהם ניט טענה'ן, איז די אפיציעלע מאכט דאך אין זיין האנד, און ווען ער וועט נור אריין אין קאמיטעט, וועט ער שוין דורך זיין מאכט קענען אויסשליסען יענע מלמדים, וועלכע קענען איהר זאך ניט גוט.

דער קאמיטעט מוז די מלמדים עקזאמענירען, אויב מען קען זיי נאך ניט גוט, און צוטהיילען זיי יעדען נאך די קינדער, פאר וועלכע ער פאסט.

די עלטערן דארפען אבגעבען די קינדער ניט די מלמדים, נאר דעם קאמיטעט, און דער קאמיטעט מיט דער הילף פון די מלמדים פערטהיילט זיי אויף חדרים. די מלמדים בעקומען זייער געהאלט נור פון קאמיטעט. דער קאמיטעט מאהנט דעם שכר למוד איין דורך א בעזונדערן קאסיר.

אלע האלב יאהר אנהויב זמן ווערט איין עקזאמען אבגעהאלטען, און צום עקזאמען ווערען איינגעלאדען אלע עלטערן.

דער קאמיטעט בעזוכט אפט די חדרים; דער קאמיטעט מוז אויך זארגען, אז די חדרים זאלען ריין געהאלטען ווערען, די מלמדים זאלען די קינדער ניט שלאגען, מען זאל מיט די קינדער זומער צייט געהן שפאצירען און אין ווינטער צייט מאכען קינדער פעסטע ווי צום בייש־פיעל חנוכה, פורים.

דער קאמיטעט מוז זארגען, אז די מלמדים זאלען לכל־הפחות איין מאל אין וואך צוזאמענקומען און מען זאל פאר זיי פארטראגען אביסיל פעדאגאגיק. ווען דאס וועט קענען איינער פון קאמיטעט איז געוויס גוט, און ווען ניט, וועט מען געוויס אין שטאדט און אפשר אמאל צווישען די מלמדים געפינען אזא פערזאן.

ווען עס וועט זיך ארויסשטעלען, אז עטליכע מלמדים טויגען ניט, מוז מען זיי מרחיק זיין; אי, עס איז אויף זיי איין ביטערער רחמנות, זיי האבען ווייבער מיט קינדער, מוז מען זעהן עפים טהון פאר זיי, געבען זיי שטיצע אדער זוכען איין אנדער מין פרנסה פאר זיי, און ווען מען קען דאס אויך ניט טהון און ביי דעם קאמיטעט האפט קיין הארץ ניט אבצונעהמען ביים מלמד זיין שיין קען דאך דער קאמיטעט לכל הפחות דאס טהון, דאס ער זאל איהם אין דער אגודה פון די מלמדים ניט ארייננעהמען און דאס ווען ער מאכט זיך א חדר, זאל ער איהם מוזען מאכען נור אויף זיין איינענע רעכנונג. דער קאמיטעט איז דאך געוויס ניט מחויב צו זארגען פאר איהם. עס איז מעהר נאך ווי געוויס אז דעמאלט וועט אזא מלמד ניט לאנג קענען עקסעסטירען און וועט אליין פון מלמדות זיך אבזאגען.

די מלמדים אבער, וואס קענען זייער פאך, אבער ניט פאלקאמען גוט, אדער די וואס עס פעהלט זיי די קענטענים אין דקדוק אדער אין שרייבען א. ד. ג. די מלמדים קענען אין איין יאהר אדער צוויי נאך דערלערנען, וואס זיי איז נייטהיג און מען קען זיי דערצו געבען א געוויסע צייט.

ווי איהר זעהט, האָב איך דאָ נור די ראשי־פּרקים אנגעמערקט. איך האָף אַז די שטעדט, וועלכע וועלען מאַכען אַזעלכע קאָמיטעטען, וועלען שוין אַליין וויסען און פערשטעהן דאָס איבעריגע. נאָר לאָמיר שוין עפּיס אָנהויבען טהון, עס איז שוין צייט!

ד״ר משה אלעזר אייזענשטאַדט,
ראסטאוו אם דאָן.

בקשה: די רבנים, ראבינער און מלמדים, וועלכע האָבען שוין עפּיס מתקן געווען אין זייערע שטאָדט די חדרים, בעט איך מיר מוריע זיין, וואָס פאַר תקונים זיי האָבען געמאַכט, אויך זאָלען זיי מיר אויספיהרליך מוריע זיין, וויפיעל חדרים זיי האָבען, ווי איז זייער פּראָגראַם א. ד. ג.

---

## פּאָליטישע איבערזיכט.

דער רוסישער קייזער אין פראַנקרייך. — דער סכסוך צווישען טערקיי און פראַנקרייך. — די אונרוהען אין ארמעניען. — די מלחמה אין אפריקא. — אמעריקא.

דער רוסישער קייזער און די קייזערין האָבען זיך שוין אומגעקעהרט פון זייער נסיעה אין פראַנקרייך. פינף טעג האָבען זיי דאָרטען צוגע־בראַכט אין די שטעדט דינקירכען, קאמפּיען און ריימס. אין דינקירכען האָט דער קייזער בעזוכט דעם פראַנצויזישען פלאָט, אין ריימס איז ער געווען אויף די גרויסע מאַנעווערס, אין וועלכע עס האָבען טהייל גענומען ביז 200,000 סאָלדאַטען —, אַ פערט־חלק פון דעם גאַנצען פראַנצויזי־שען חיל אין דער צייט פון שלום, און אין קאמפּיען האָט ער פער־בראַכט צוויי טעג אין דעם אַלטען פּאַלאַץ פון די פראַנצויזישע מלכים און קייסארים. די גאַנצע 5 טעג האָבען דער רוסישער קייזער און די קייזערין געלעבט מיט די פרעהליכדיגע יום־טוב׳דיגע געפיהלען, וועלכע האָבען בעוועגט דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק. אין די רעדען, וועלכע עס זענען געהאַלטען געוואָרען אי פון דעם פּרעזידענט לובע, אי פון דעם קייזער, איז שטאַרק אונטערגעשטריכט געוואָרען די פריינדשאַפט צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך און די שטאַרקייט פון דעם בונד פון די ביידע מלוכות. די קאָמפּלימענטען, וועלכע דער קייזער האָט געמאַכט דעם פראַנצויזישען חיל, זענען מיט אַ בעזונדערע ליעבע און דאַנק אויפגענומען געוואָרען, ווייל קיין לאַנד אין דער וועלט איז ניט אַזוי־קראַנק פון ליעבע צו איהר חיל ווי פראַנקרייך. די רעדען איבער ד׳ פריינדשאַפט צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך און איבער די פעראייניגונג פון זייערע ארמעען זענען אין אַנדערע לענדער איצט אויסגעהערט גע־וואָרען מיט אַ גרעסערער רוהע ווי מיט פינף יאָהרען צוריק, בעת דער קייזער ניקאָלאַי איז צום ערשטען מאָל געקומען קיין פראַנקרייך. מיט דעם בונד צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך האָט זיך שוין די וועלט איינגעוועהנט, און דער פּחד וואָס מען האָט געהאַט, אַז דער בונד איז געשלאָסען געוואָרען אַנטקעגען דייטשלאַנד, איז שוין לאַנג אַוועק. די גאַנצע וועלט איז איצט איבערצייגט אין די פרידליכקייט פון דער רוסי־שער און פראַנצויזישער פּאָליטיק.

אין דער צייט צווישען די פּאַראַדען און שמחות זענען אויך אָב־געהאַלטען געוואָרען בעראַטהונגען צווישען דעם קייזער, דעם פּרעזידענט און זייערע מיניסטאָרען איבער פערשידענע וויכטיגע פּאָליטי־שע פראַגען. די החלטות, צו וועלכע מען איז געקומען, ווערען געהאַל־טען בסוד, נאָר מען רעדט וועגען אַ פעסטערען הסכם צווישען די ביידע פעראייניגטע מלוכות, איבער די פּאָליטיק אין חינא, איבער דעם סכסוך צווישען פראַנקרייך און טערקיי און איבער די מלחמה צווישען ענגלאַנד און די בויערען.

איבער חינא, זאָגט מען, איז מען געקומען צו דער דעה, אַז רוסלאַנד זאָל צונעהמען פאַר זיך מאַנדזשוריען. אין דעם סכסוך מיט טערקיי, זאָגט מען, שטעהט רוסלאַנד אין גאַנצען אויף פראַנקרייכ׳ס זייט. טערקיי האָט אפילו געפּרובט אַליין דורכקומען מיט איהרע קרע־דיטאָרען און דאָס האָט איהר אויך געהאַט געראָטען, אָבער די פראַנ־צויזישע רעגירונג גיט נאָך אַלץ ניט איהר הסכם אויף די קלענסטע איבערטרעטונג פון איהרע פאָדערונגען. פראַנקרייך טרייבט דערוויל אַרויס די טערקישע אונטערטהאַנען פון איהר לאַנד און זי זאָגט זיך נאָך אַלץ אָב אַריינצוטרעטען אין יעדע אונטערהאַנדלונג מיט טערקיי, כל זמן עס וועט ניט ערפילט ווערען אַלץ, וואָס דער פראַנצויזישער פערטרעטער קאָנסטאַן האָט פערלאַנגט. איצט האָט זיך די טערקיי גע־ווענדעט צו דער רוסישער רעגירונג, זי זאָל זעהן שלום צו מאַכען צווי־שען איהר און פראַנקרייך.

טערקיי דאַרף איצט דעם שלום נייטהיג ווי דאָס לעבען, ווייל אין צוויי פון איהרע מדינות, אין מאַקעדאָניען אין אייראָפּאַ און אין אַרמעניען אין אַזיען, הערען זיך ווידער קולות פון אונרוהע און שרע־קען. די קלענסטע אונאָרדנונג אין די אַנגערופענע לענדער קען זיין גע־פעהרליך פאַר טערקיי, ווייל זי קען ברייננען צו דער אַריינמישונג פון די אייראָפּעאישע מלוכות, און טערקיי איז שוין גוט אַנגעלערנט און ווייס גאַנץ גוט, וואָס זי קען קריגען פון דעם ערוואַרטען. דערהויפּט זענען גע־פעהרליך די אונרוהען אין ארמעניען. די ארמענער זענען אַ קריסטליך פאָלק, וואָס וואָהנט פון ביידע זייטען פון דער רוסישער גרענעץ ביי קאַווקאַז. אין טערקיי וואָהנט אונגעפעהר 1¼ מיליאָן ארמענער, אין רוסלאַנד 1 מיליאָן. די ארמענער האָבען אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי וועלכע חלומ׳ט פון אַ איינגענער מלוכה. אין די לעצטע יאָהרען איז ענטשטאַנען אַ שטאַרקערעס לעבען אין זייער ליטעראַטור, עס זענען געגרינדעט געוואָרען פיעל ארמענישע צייטונגען, וועלכע ערשיינען ווי אין טערקיי אַזוי אויך אין רוסלאַנד. אין רוסלאַנד לעבען די ארמענער בשלום מיט׳ן רוסישען פאָלק, אין טערקיי אָבער, וואו עס איז פון אייביג אַן אַ שנאה צווישען דער קריסטליכער אמונה און דער מאַהמעדאַנישער ענטשטעהען אַלע ווייל אין ארמעניען אונאָרדנונגען, מחלוקות און בונ־טען. די ארמעניער האָבען אפילו אין טערקיי אַלע רעכטע, פיעל פון זיי פערנעהמען גרויסע שטעלען אין דער רעגירונג, טערקיי שיצט אויך זייערע נאַציאָנאַלע רעכטע, אָבער די ארמענער איז עס נאָך צו ווייניג. מיט 5 יאָהר צוריק איז אין ארמעניען ענטשטאַנען אַ בונט, וועלכער איז נור איינגעשטילט געוואָרען מיט גרויסע אכזריות. איצט זענען ענטשטאַנען ווידער אונרוהען אין ארמעניען, און עס איז ביי דער איצטיגער לאַגע קיין שום ספק ניט, אַז אייראָפּאַ וועט אונאָרדנונגען אין ארמעניען מעהר ניט דערלאָזען. טערקיי מוז דערום זעהן צו לעבען מיט אייראָפּאַ אין שלום און זי ניט אויפצורייצען געגען זיך.

אין דער מלחמה אין אפריקא זענען ווידער געקומען טרויעריגע טעג פאַר ענגלאַנד. די ענגלענדער האָבען געהאַט אַ פּאָר מפּלות אין די בעגעגנישען מיט די בויערען. די ענגלישע פּאָליטיקער האָבען ווידער אַראָבגעלאָזען די קעפּ. קיטשענער טעלעגראַפירט, אַז די מלחמה קען נאָך געדויערען אַ גאַנצעס יאָהר. דערצו זאָגט מען נאָך, אַז אין קאמפּיען איז אָבגעמאַכט געוואָרען, דאָס רוסלאַנד און פראַנקרייך זאָלען זיך בעמיהען צו מאַכען שלום צווישען די בויערען און די ענגלענדער.

דער נייער פרעזידענט אין אמעריקא האט ערקלערט, אז זיין פאליטיק וועט זיין דיזעלבע ווי אונטער דעם פריהערדינען פרעזידענט. אין האנדעל וועט ער זיך בעמיהען די גרעסערע פערבינדונג מיט אנדערע לענדער. — דער אנארכיסט טשאלגאס, וואס האט בעגאנגען דאס שרעקליכע פערברעכען, איז אבגעמשפט געווארען צו טויט. י. ל.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

עס זינגט זיך ניט. א פרעהליכער יום-כפור. איין עזות פון יודישע כלי-זמר.

נו, א צייט, א צייט האבען מיר איבערגעלעבט. ימים-טובים אהן א שיעור. ראש-השנה, יום-כפור, סוכות, שמיני-עצרת און שמחת-תורה.

און נעפרעהט האב איך זיך היינטיגע ימים-טובים מעהר ווי אלע יאהר און דוקא ניט אין שמחת-תורה...

אין דעם פרעהליכען טאג בין איך געגאנגען אין די יודישע גאסען זעהן ווי יודען פרעהען זיך, הערען ווי יודען זינגען, טאנצען און זענען זיך משמח. פרעהליכע יודען איז אזא זעלטענהייט צו זעהן, אז איך האב דעם טאג ניט געוואלט פערלירען. האטש איין טאג אין יאהר זעהן צווישען יודען ניט קיין טרויעריגע פנים'ער...

נאר שטיל איז אין די יודישע גאסען, מען הערט קיין געזאנג ווי אין די אמאליגע יאהרען שמחת-תורה, און דארט וואו עס האט זיך שוין געהערט איינעם פון הונדערט זינגען, האט זיך אין זינגען מעהר געהערט א טרויער ווי שמחה, שוואכע טענער פון צובראכענע, פער-ביטערטע הערצער. וויינען וויל זיך פון אזא זינגען, ניט זיך פרעהען און טאנצען.

און ניט איך אליין, אלע קלאגען זיך, אז היינטיגע יאהרען זינגט זיך ניט און טאנצט זיך ניט אפילו אין שמחת-תורה.

נאר איך געה ווייטער, ווייטער איבער די יודישע גאסען און זוך, אפשר וועל איך פון ערגיץ דערהערען איין אמת'ן געזאנג אים שמחת-תורה און פלוצים דערהער איך פון דערווייטענס א הויך, ברייט געזאנג, און איך האב זיך דערפרעהט. פארט שמחת-תורה ביי יודען, איך געה מיט שמחה נאך דעם געזאנג, איך וויל זיך אויך פרעהען, נאר ווען איך בין צוגעקומען נעהנטער, האב איך אין די זינגערס דערקענט מיין בעקאנטען יאנקען מיט זיין חבר וולאדיסלאווען, זיי געהען געארעמט, זינגען און האלטען זיך קוים אויף די פיס...

— וואס איז היינט מיט אייך די שמחה?

— גאר ניט, מיר האבען אויסגעטרונקען, זענען מיר פרעהליך, ענטפערען זיי און געהען ווייטער און ציהען קולות פון געזונדטע הערצער.

עס ווייזט אויס, אז די ביטערע לאגע פיהלט שטארק דאס יודישע פאלק, אז אפילו שמחת-תורה זעהט מען ניט קיין פרעהליכען יודען.

טרויריג איז מיר געוועזען שמחת-תורה, אבער דערפאר האב איך זיך היינטיגס יאהר געפרעהט מיט יום-כפור, איין אמת'ער יום-טוב און שמחה איז געוועזען דער היינטיגער יום-כפור.

א גאנץ יאהר פיהרען יודען גרויסע מלחמות אין די יודישע שטעדט און שטעדטליך, מען שלאגט זיך אין די בתי-מדרשים, מען קריגט זיך איבער עליות, פערשיעדענע צדדים יאגען איינער דעם אנדערען און מען הערט ניט אויף צו פיהרען מחלוקות מיט פראצעסען איינער מיט דעם צווייטען.

און שטעלט אייך פאר מיין פרייד, אז איך לייען אין די אדעסער צייטונגען, אז היינטיגען יום-כפור האט מען אין אלע סודען אין אדעס געענדיגט פיעל „אונאלאוונע" פראצעסען מיט שלום, ווייל ערב-יום-כפור האבען יודען איינער דעם אנדערען מוחל געוועזען און צווישען די בעלי-מחלוקות איז שלום געווארען.

איך פרעג אייך, קען דען זיין א שענערער, פרעהליכער, טייערער יום-טוב ביי א פאלק, ווען שונאים ווערען גוטע פריינד, מען איז זיך איינער דעם אנדערען מוחל, מחלוקות הערען אויף און עס הערשט אומעטום שלום.

א פאלק, וואס האט אזא טייערען יום-טוב, דארף זיך באמת פרעהען, האטש דער טייערער יום-טוב טראגט דעם טרויעריגען נאמען „יום-כפור" און האטש עס איז א יום-טוב, ווען אלע וויינען.

היינטיגען יום-כפור האבען ניט נור יודען געוויינט, נאר אויך אלע פאליאקען אין ווארשא, וואס זענען די נאכט צו כל-נדרי געוועזען אין די טעהאטערן: זיי האבען פלוצים דערהערט, ווי די מוזיקאנטען סקריפען און וויינען, ניט זיי שפיעלען, יעדער האט בעמערקט, אז עס פעהלט א סך מוזיקאנטען.

— וואו זענען די מוזיקאנטען? האט איינער געפרעגט ביים צווייטען, — פאר וואס שפיעלען עפיס נור א פאר פידלען און פאר וואס הערט מען מעהר ניט ווי דעם באס...

— היינט איז יום-כפור און די מוזיקאנטען דאווענען אין שול.

— נו, וואו זשע זענען א ו נ ז ע ר ע?

— אונזערע זענען דא, נאר די יודישע מוזיקאנטען פעהלען אין קאפעלע, דערום סקריפעט אזוי, דערום הערט מען העכער פון אלע דעם באס...

אין איינער פון די בעסטע מוזיק-געזעלשאפטען „פילהארמאניע" האט מאנטאג יום-כפור ניט געקענט פארקומען קיין קאנצערט, ווייל די יודישע מוזיקאנטען האבען זיך געפונען אין שול.

די ווארשאווער צייטונגען זענען אויסער זיך פון דער יודישער עזות און פון דעם בזיון, וואס מען קען זיך אין פוילען ניט בענעהען אהן יודישע מוזיקאנטען, זיי שרייען געוואלד און זוכען מיטלען ווי זיך צו איינפיהרען גוטע קאפעלען אהן יודישע מוזיקאנטען.

יודישע מוזיקאנטען זאל מען מעהר ניט צונעהמען אדער אם ווענינגסטען צונעהמען נור א געוויסען „פראצענט".

איך וואלט די פאליאקען איין עצה געגעבען, אז זיי זאלען פון די קאנצערטען צוזאמען אויך ארויסווארפען די יודישע מוזיקער ווי מענדעלזאהן, מאיר-בער און רובינשטיין...

---

אדעסער יודען האבען ערב-יום-כפור זיך מוחל געוועזען איינער דעם אנדערען, נור איינער פון די רבנים אין ה א מ ע ל (מאהיל. גוב.) האט אפילו ערב-יום-כפור ניט געקענט מוחל זיין די ציוניסטען און ווען ער איז געקומען פאר כל-נדרי אין בית-המדרש און דערזעהן אויף דער טיהר אויפגעקלעפט א מודעה, אז קיין האמעל האט מען געבראכט צו פערקויפען ארץ-ישראל אתרוגים, האט ער די מודעה אראבגעריסען, „דאס זענען ציוניסטישע אתרוגים", האט דער רב געזאגט מיט כעס און זיך געשטעלט צו כל-נדרי...

אַ בייזער רב, וואָס אַפּילו צו כל־נדרי קען ער ניט שטילען זיין כעס צו די ציוניסטען, וואָס ווילען האָבען אויף סוכות ארץ־ישראל אתרוגים, ניט קיין קארפירער.

אֶ מ ת.

---

## דער 5־טער קאָנגרעס.

מיט אַ וואָך פאַר דעם אַלגעמיינעם ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל וועט זיין איין קלענערער קאָנגרעס פון די ציוניסטישע סטודענטען און פון דער ציוניסטישער יוגענד אין גענף (זשענעווא).

דער צוועק פון דעם קאָנגרעס איז די פערטיפונג פון דעם ציוניסטישען געדאַנק דורך וויסענשאַפטליכע ארבייטען און די פערברייטונג פון דעם ציוניזם צווישען געבילדעטע.

*

אויף דעם 8־טען אקטאבער איז בעשטימט אין וויען אַ אסיפה פון דעם גרויסען אַקציאָנסקאָמיטעט און פון די דירעקטארען פון דער יודישער באַנק.

*

עס ווערט געפּלאַנט אין דער צייט פון קאָנגרעס אין איין טאָג אַבצוהאַלטען אומעטום אין דער גאַנצער וועלט גרויסע ציוניסטישע פאָלקספערזאַמלונגען. די פערזאַמלונגען פון אַלע ציוניסטען אין איין טאָג וועט זאָגען דער גאַנצער וועלט עדות פון דעם הסכם, וואָס איז צווישען די ציוניסטען אין אַלע לענדער און פון דער קראַפט פון דער ציוניסטישער פאַרטיי. איבער די בעשטימונג פון דעם טאָג ווערט געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישען וויען און די ציוניסטישע פיהרער אין פערשידענע לענדער.

*

אין איינינע ראיאָנען איז אַבגעשלאָסען געוואָרען דער חשבון פון די שקלים פאַר דעם 4־טען קאָנגרעס־יאָהר און מען האָט שוין אָנגעהויבען קלויבען שקלים אויף דאָס נייע יאָהר.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** *** דער וויענער מאַגיסטראַט האָט זיך קירצליך ווידער בעשעפטיגט מיט דער שחיטה. עס איז צוואר נישט אויסדריקליך גערעדט געוואָרען צו אסר'ן יודישע שחיטה, נאָר מען האָט בעשלאָסען און אָנגענומען פאָרצולעגען דעם שטאַדטראַטה אַ רעזאָלוציאָן פון מעהרערע פונקטען אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט דער גרונדזאַטץ, אז: „שחט'ן בהמות וואָס מענשען עסען איז נור כדאי ווען מען בעטייבט די בהמה פאַר דעם שחט'ן און מען מאַכט זי בעוואוסטלאָז דורך שלאָגען אין קאָפּ. אַזוי באַלד מען בעטייבט נישט די בהמה פאַר דעם שחט'ן, איז דאָס איין גרויס אכזריות און קוועלעריי פיר די בהמה". צו אַזוינע „וויסענשאַפטליכע" רעזולטאַטען איז דער וויענער אַנטיסעמיטישער מאַגיסטראַט געקומען נאָכדעם ווי הונדערטער פון די גרעסטע געלעהרטע האָבען אָנערקענט די יודישע שחיטה אַלס די לייכטסטע; נאָר וואָס טהוט מען נישט, אַזוי באַלד מען האָט חשק אַבצוטהון יודען עפּיס אַ שפּיציל?

*** די ציוניסטישע חברות אין די וויענער בעצירקען 12--15 עפענען דען 16 אָקטאָבער איין יודישע בילדונגסשולע מיט פאָלגענדען פּראָגראַם: יעדען מאָנטאַג — פאָרטרעגע און וכוחים איבער יודישע געשיכטע און ליטעראַטור; דינסטאַג — געזאַנג און מוזיק־פאָרטרעגע; מיטוואָך — קורסען פיר העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור; דאָנערסטאַג — פאַרטרעגע איבער פערשידענע וויסענשאַפטליכע טהעמען.

*** אין ל ע מ ב ע ר ג ווערט געגרינדעט אַ יודישע ט א נ ב י י ־ ה א ל נאָך דעם מוסטער פון דער וויענער טאנביי־האַל, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען פאָריגעס יאָהר פון פּראָפעסאָר קעלנער און וועלכע האָט זיך בעוויזען אַלס אַ זעהר וויכטיגע יודישע פאָלקס־אַנשטאַלט, וואו דער יודישנאַציאָנאַלער גייסט ווערט געשטאַרקט און אויסגעבילדעט. אין ק ר א ק ו י דאַגעגען, וואו די יודישע „דעמאָקראַטען" האָבען געזיעגט ביי די לעצטע וויבאָרעס אין לאַנדטאַג וויל מען איצט גרינדען אַ „הויז" פיר פּאָליטישע אסיפות, כדי מען זאָל האָבען זיך וואו צוזאַמענצוקומען אין דער צייט פון די וויבאָרעס. דאָס וועט הייסען „יודישעס הויז" — נישט וועגען זיין יודיש פּראָגראַם, נאָר, דאַכט זיך, ווייל עס וועט געמאַכט ווערען פאַר יודיש געלד. אַנדערע דאגות האָבען קראַקויער יודען נישט ווי נור אַ הויז פיר „וועהלערפערזאַמלונגען"!

*

**רוסלאַנד.** = א ר ע פ ע ר א ט. אין קאָמיטעט פון דער אָדעסער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען האָט ה' ג. ס. ו ו א ל ט ק ע פאָרגעלייענט אַ רעפעראַט וועגען דער ביזהעריגער ארבייט פון דער חברה און וועגען דער ארבייט, וועלכע שטעהט איהר פאַר. 2 זאַכען האָט די חברה צו טהון, כדי צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען: איינמאַל, צו סטאַרען זיך ביי דער רעגירונג, אז זי זאָל ווידער צולאָזען יודען אין איהרע שולען גלייך מיט אַלע רוסישע בירגער און צווייטענס צו גרינדען קהל'שע און פּריוואַט־שולען פאַר יודען אליין.

די פּראָצענט־בעגרענצונגען פאַר יודען עקזעסטירען שוין זייט 15 יאָהר. נאָר לעצטענס האָבען די צייטונגען פיעל גערעדט וועגען זיי און אַלע, אַפּילו די אַנטיסעמיטישע, האָבען ארויסגעזאָגט זייער מיינונג, אז מען דאַרף אָבשאַפען די בעגרענצונגען. מען האָט אָנגעוויזען אויף דעם, אז די צירקולאַרען פון 1885 יאָהר, וועלכע פערשטעלען יודען דעם וועג אין די רעגיערונגסשולען, זענען געגען דעם געזעץ, לויט וועלכען יודען האָבען דאָס רעכט איינצוטרעטען אין די אַלגעמיינע שולען גלייך מיט אַלע רוסישע אונטערטהאַנער און די קינדער פון די העברעע קלאַסען — ווי עהרענבירגער און סוחרים — זענען גאָר מ ח ו י ב זיך צו בילדען אין די אַלגעמיינע שולען. איינינע יונגע לייט, וועלכע מען האָט נישט געוואָלט צונעהמען אין אוניווערזיטעט צוליעב דער בעגרענצונג, האָבען דערום דערלאַנגט איין אַנקלאַגע אין סענאַט אויף דעם מיניסטעריום פון פאָלקס־בילדונג.

אויסער וואָס מען דאַרף זיך סטאַרען ביי דער רעגיערונג צוצולאָזען ווייטער יודען אין די אַלגעמיינע שולען, איז נייטהיג אז יודען זאָלען מיט אייגענע קרעפטען שאַפען שולען פאַר זייערע קינדער. איינינע מענשען, וועלכע האָבען געוואָלט גרינדען אַזעלכע שולען, האָבען אַפּילו בעקומען איין ענטפער פון מיניסטער, אז די גרינדונג פון בעזונדערע שולען פאַר יודען קאָן נישט ווערען ערלויבט, כל זמן עס וועט נישט ווערען ענטשיעדען די פראַגע, אויב יודען האָבען דאָס רעכט דערצו. אָבער דער בעפעהל איז נישט געגרינדעט אויפ'ן געזעץ, ווייל אין ארטיקעל 720 פון IX־טען באַנד פון די געזעטצען (אויסגאַבע 1899) שטעהט בפירוש, אז „י ו ד ע ן ה א ָב ע ן ד א ָ ס ר ע כ ט צ ו ג ר י נ ד ע ן פ ר י ו ו א ט ־ ש ו ל ע ן א ד ע ר ק ה ל ' ש ע ש ו ל ע ן, כ ד י צ ו ב י ל ד ע ן ז י י ע ר ע י ו ־ ג ע נ ד א י ן ו ו י ס ע נ ש אַ פ ט ע ן א ו ן א י ן ק ו נ ס ט", און עס איז דערום צו רעכנען, אַז דער סענאַט, צו וועלכען עס זענען איינגעטרעטען געהעריגע אַנקלאַגען, וועט מבטל זיין דעם בעפעהל פון מיניסטעריום.

דער רעפערענט האָט נאָך מודיע געווען, אז אויף זיין אַנטראַג האָט די אָדעסער אָבטהיילונג פון דער חברה אויסגעארבעט דעם חשבון, וויפיעל עס דאַרף קאָסטען איין גימנאַזיום, וואָס זאָל בעשטעהען פון אַ פאָרבערייטונגס קלאַסע און די ערשטע 3 קלאַסען. די איינריכטונג וועט קאָסטען 2332 רובל און די יעהרליכע אויסהאַלטונג — 12,112 רובל. אַלע הוצאות וועלען כמעט ווערען געדעקט פון דער הכנסה פון די צאָהלונגען פאַר'ן לערנען, ווען זי וועט אַפּילו זיין נישט גרויס. אַ קוועלע, פון וועלכער מען וועט קענען בעקומען אויף אויסהאַלטונג פון די שולען, איז די קאַראָבקע און אויך דער פאָנד פון דעם באַראָן הירש, וועלכער האָט נאָך לאַנג בעשטימט גרויסע סומען אויף בילדונג פון יודען.

— דר. אייזענשטאַדט, דער ראַבינער פון ראָסטאָוו האָט דערלאַנגט אַ ביטע, מען זאָל איהם ערלויבען צו עפענען איין אָווענדשולע פאַר ערוואַקסענע מענשען.

= אויף בעשלוס פון דער אָדעסער אינספּעקציאָן פון די פאָלקסשולען זענען פערמאַכט געוואָרען אין אָדעס 22 חדרים דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט היגיעניש געהאַלטען.

= צום הויפּטראַבינער פון די יודישע קאָלאָניעס אין חערסאָנער גובערניע דר. ק ר ע פ ס האָט זיך געווענדעט אַ נייע פאַרטיע יונגע לייט — קאָלאָניסטען מיט דער ביטע, אז ער זאָל איינריכטען פון זיי איין ארטעל פון ערד־ארבייטער. זיי האָבען איינגעזעהען, אז די ערשטע ארטעל, וועלכע איז איינגעריכטעט געוואָרען דורך דר. קרעפּס, מאַכט גוטע פאָרשריטע און ארבעט זעהר פלייסיג. נאָכדעם ווי יענע ארטעל האָט געענדיגט איהר אייגענע ארבייט, האָבען זיי זיך פערדונגען צו ארבייטען ביי גוטבעזיצער, וועלכע זענען פון זיי זעהר צופריעדען.

= ד י ו ו י ל נ ע ר ה א נ ד ע ל ס ש ו ל ע, ווי די „ס י ע ו ו ' ז א פ א ד ' ס ל א ו ו א" איז מודיע, זענען אָנגעגעבען געוואָרען אין דער נייער ווילנער האַנדעלסשולע איינינע מאָל אַזוי פיעל ביטען וויפיעל עס איז דאָ וואַקאַנסען פאַר יודען, אַזוי דאָס מען וועט מוזען מאַכען פאַר די יודישע שילער קאָנקורס־

עקזאמענעס, און ווער עס וועט בעקומען בעסערע מיינונגען, דער וועט ווערען אויפגענומען. אויסער דעם וועלען האבען א דין קדימה פאר אנדערע די קינדער פון ווילנער איינוואהנער, וועלכע צאהלען האנדעלסאבצאהלונגען; נאך זיי וועלען ווערען צוגענומען קינדער פון די איבעריגע ווילנער איינוואהנער און נאך זיי ערשט קינדער פון פרעמדע שטעדט.

אויף די טעלעגראפישע אנפראגע פון דער קאמיסיע צו עפענען די ווילנער האנדעלסשולע ביים פינאנצמיניסטער, אויב מען זאל באלד צוטרעטען צום עפענען די שולע, איז געקומען איין ענטפער מיט די ווערטער: „טרעט צו אומגעשטערט צו דער באלדיגער ארגאניזאציאן און עפענונג פון דער שולע". דער קאמיטעט פון די משגיחים האט זיך דערום באלד גענומען צו דער ארבייט: אויסגעזוכט א וואהנונג אויף די ערשטע 4 קלאסען, בעשטעלט שולמעבעל, אויסגעקליבען אלס דירעקטאר פון 14 קאנדידאטען הערען חאטונצאוו, און אנגעהויבען אנצונעהמען ביטען. די ערשטע 8 טעג האט מען אנגעגעבען 357 ביטען, 338 פון יודען און 19 פון קריסטען.

═ דעם „נאוו' וורעמיא" ד'ופעשירט מען אויס קיעוו: „אין דער אלטער שול אין ווינניצא האט מען געפונען איין העברעאישען היסטארישען דאקומענט פון 16-טען יאהרהונדערט. ער ווערט איבערזעצט אין רוסיש.

═ די בעקאנטע דראמע „בני-ישראל" אדער „קאנטראבאנדיסטען" פון עפראן-ליטווין מאכט נאך אליץ אן א גערודער אומעטום, וואו זי ווערט געשפיעלט. אין בערדיאנסק בארנאאול און סמאלענסק זענען געווען אונרוהען אין טהעאטער בעת דער פארשטעלונג, די פאליציי האט ארויסגעפיהרט די מענשען, וואס האבען פראטעסטירט און זיי אנגעקלאגט אין געריכט.

*

**דייטשלאנד.** ═ אין בערלינער געריכט איז דעם 17 סעפטעמבער געווען א משפט פון פערלעגער ד ע ו ו א ל ד, וועלכער האט אבגעדרוקט פאסט-קארטען מיט בילדער, ווי א יודישער שוחט שחט דעם סטודענט ווינטער און ווי יודען צוזאמען מיט הילזנער'ן קוילענען א קריסטליך מיידיל. דער פראקוראר איז ארויסגעטרעטען געגען דעוואלד מיט איין אנקלאגע, ווייל ער האט בעליידיגט די יודישע רעליגיאן און ארויסגערופען אין געריכט אלס מבינים פראפעסאר ש ט ר א ק ק און ראבינער ו ו י י ס ע.

דער בעשולדיגטער און אויך זיין פערטהיידיגער האבען געטענ'ט, אז זיי האבען נישט בעליידיגט דעם יודישען גלויבען, נאר די יודען אליין, און צוויי-טענס טהוען טאקע די יודען ווי עס ווערט פארגעשטעלט אויף די בילדער און אויב נישט אלע יודען שחט'ן קריסטליכע קינדער טהוען עס ווענינגסטענס געוויסע סעקטען צווישען יודען. פראפ' שטראקק האט דאגעגען געזאגט, אז ער האט שוין לאנג אויפגעוויזען די פאלשקייט פון בלוט בלבול אין אלס קריסט און געלעהר-טער האלט ער פאר זיין חוב צו שווערען, אז די יודען זענען ריין פון דעם בלוט בלבול. דאס געריכט האט פערמשפט דעם פערלעגער דעוואלד פאר בע-ליידיגונג פון יודיש'ען גלויבען אויף 6 הדשים תפיסה.

*

**אמעריקא.** ═ די ניויארקער יודישע חברה „צו שטיצען עמיגראנטען האט זיך געווענדט צום לאנדאנער קאמיטעט מיט דער ביטע, אז ער זאל נישט מעהר שיקען יודישע עמיגראנטען קיין ניויארק, ווייל דארט וואהנען זיי צו ענג אין יודישען גהעטא. דער לאנדאנער קאמיטעט האט אויף דער לעצטער זיצונג ארויסגעזאגט זיין מיינונג, אז די עמיגראנטען אויס רוסלאנד און רומעניען פאה-רען דירעקט קיין אמעריקא, נישט אבשטעלענדיג זיך אין ענגלאנד און דער קאמיטעט קאן דערום נישט קאנטראלירען די עמיגראציע קיין ניויארק.

---

## ליעד פון א פערוואגעלטען.

(געווידמעט ט. ג. ע.)

און וויעדער פעריאגט און וויעדער פערטריעבען
זיך איך אליין אויפ'ן שטיינערנעם וועג...
עס איז מיר פון עבר א בראק ניט געבליעבען
מיט וואס צו בעשענען מיין פינסטערען וועג....

איך טראג אויף דער פלייצע א ארעמען פעקיל,
אין וועלכען עס ווארפען זיך שערבליך א פאר...
איך מיט די שערבליך, איך מיט דעם זעקיל
מאכען צוזאמען א אייביגע פאר....

„ווי ווערט מען שוין פטור פון מיאוס'ען עבר,
וואס שלעפט זיך מיר נאך אויף איטליכען טריט!
איך וויל זיין אליין, איך דארף ניט קיין חבר,
וואס ווארפט מיר נור שאטענס אויף איטליכען טריט!"...

און ס'ענטפערט פון זעקיל א קריצידיג קול'כיל,
אין וועלכען עס קריגען זיך שערבליך א פאר:
דו מיט דעם פעקיל, דו מיט די שערבליך
בלייבען צוזאמען א אייביגע פאר"...

**אים. על.**

---

## גאסען-בילדער.

פון דוד פינסקי.

### 2.

### דאס מענשענרעדיל.

א פערד איז געפאלען.

— א הלי-רע זאל דערויף קומען! האט זיך אויסגעשאלטען דער בעל-ענלה, א קליין, מאגער יודיל מיט א געלען שיטערן בער-דיל, און אנגעהויבען ארארקריכען פון וואגען.

אייניגע פארבייגעהער האבען זיך אבגעשטעלט. עטליכע קינדער זענען צוגעלאפען, נאכמאכענדיג אויפ'ן וועג א לויפענדיגען פערד, אונטערבויגענדיג די פיס און ווארפענדיג מיט'ן קאפ.

דער פאסאזשיר איז אראבגעשפרונגען פון דראשקע, ארויפגער-האפט זיך אויף איין אנדערע און געהייסען שנעל פאהרען. ער האט געאיילט, און אלע האבען געזעהן, אז ער איילט. ווייל ער האט אנ-געקנייטשט די שטערן און געמאכט זעהר איין אונצופרידענע מינע.

דער בעל-ענלה האט איהם נאכגעשיקט א בייזען, שטעכענדי-גען קוק, פול פעראכטונג.

— האלב וועג שוין אבגעפאהרען, פסיא-קרעוו!

דאס מענשענרעדיל האט געפיהלט די עולה, וועלכע יעדער איינציגער פון איהם וואלט אויך געטהון.

— א טייערער פריץ! האט דאס מענשענרעדיל געזידעלט.

דער בעל-ענלה האט אויסגעלאזען זיין גאנצען כעס צום פערד. ער האט איהם א זעץ געטהון אין בויך מיט'ן גרויסען, ברייטען שטי-פעל און מיט'ן גאנצען כח. איהם האט זיך געדאכט, אז דאס טהוט נאך ניט שטארק וועה. ער האט א זעץ געטהון מיט'ן שפיץ פון זיין גרויסען, ברייטען שטיפעל.

— א חלי-רע אויף דיר!

דאס רעדיל האט געווארט אויף א דריטען קלאפ און שוין געפיהלט איהם.

דאס פערד האט א ציטער געטהון מיט'ן גאנצען קערפער און געבליעבען ליגען פלעגמאטיש און פויל קוקענדיג פאר זיך און דער ווייטענס, גאנץ קאלטבלוטיג און גלייכגילטיג. עס האט געוואלט ליגען און זאל זיין וואס עס וויל. עס האט זיך ניט אויסגעמאכט פון דעם מענשענרעדיל, און עס האט געשיינט, אז עס זעהט גאר ניט די מענשען.

דער בעל-ענלה האט אנגענומען דאס פערד פאר'ן צוים, גע-שלאגען מיט'ן בייטש, וואוהין ער האט נור געטראפען און גע-שאלטען.

— נא, נא, נא! פגר'ן זאלסט דו! א מנפה אויף דיר!

פון רעדיל איז ארויס א יונגער מאן אין א קאפעלוש. איהם האט זיך געדאכט, אז ער האט א גוטען געדאנק, ווי אויפצוהויבען

דאָס פֿערד. איהם האָט זיך געוואָלט בעווייזען אַ בריה׳שאַפֿט. ער האָט גענומען דעם עק און אָנגעהויבען דרעהען.

דאָס מענשענרעדיל האָט געקוקט אויפֿ׳ן עק און אָנגעהויבען בעקומען גיטע געדאַנקען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען עצות. נאָך עטליכע פּאָר הענד האָבען זיך צוגעלעגט צום פֿערד.

אַ יונגיל מיט אַ שטעקען האָט אָנגעהויבען שלאָגען דאָס פֿערד אין דעם הינטערסטען טהייל און געשריען: „נאָ, נאָ, נאָ!“ ער האָט געהאַט דאָס אַנגענעהמע געפֿיהל, ווי דאָס פֿערד וואָלט געלאָפֿען און ער וואָלט עס אונטערגעטריבען און געפֿאָהרען — „געקאַטאַיעט“ זיך.

דאָס פֿערד איז רוהיג געלעגען. איהם איז נור אַ ביסיל אונאַנגענעהם געוועזען, וואָס עמיץ דרעהט איהם דעם עק, גלייך ער וואָלט איהם וועלען אַרויסרייסען, און וואָס נאָך עמיץ האָט איהם געעגבערט מיט׳ן קולאַק אין בויך, גלייך ער וואָלט וועלען אויסעגבערען דאָרטען אַ לאָך.

דער בעל־עגלה האָט עס גענומען אויסשפּאַנען, דאָס מענשענרעדיל האָט פּלוצלינג פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז דאָס בעסטע מיטעל.

— מע דאַרף עס אויסשפּאַנען, האָבען זיך דערהערט קולות.

מען האָט געוואַרט, אַז דאָס פֿערדיל וועט יעצט אויפֿשפּרינגען און אֶפֿשר נאָך לאָזען זיך לויפֿען און מען איז אָבגעטראָטען. דער יונגער מאַן אין קאַפּעלוש האָט אָבגעלאָזען דעם עק אָהן חשק.

דאָס אויסגעשפּאַנטע פֿערדיל האָט דערפֿיהלט אַ לייכטיגקייט אין קערפּער און איז געבליבען ליגען מיט דערזעלבער פֿוילער מינע. — — —

אויף דאָס ניי שלעפּען, שטופּען, עק־דרעהען, שרייען, שלאָגען.

דאָס מענשענרעדיל איז געוועזען שטאַרק פֿעראינטערעסירט.

דער בעל־עגלה איז שוין געוועזען פֿערצווייפֿעלט, ער האָט אָנגעהויבען שלאָגען דאָס פּערד מיט׳ן פֿוס וואוהין ער האָט נור געטראָפֿען.

— אַ חלי־רע זאָל אויף דיר קומען!

דאָס מענשענרעדיל האָט געפֿיהלט די קלעפּ, דעם וועהטאָג.

— סאַר׳ אַ מין גזלן! האָט עס געמורמעלט.

דער בעל־עגלה איז געבליבען אַ־ווײַלע שטעהן, געקוקט אויף דאָס פֿערד און געטראַכט, וואָס צו טהון. דאָס האַרץ האָט איהם געקלעמט. ער וואָלט וויינען, רייסען זיך די האָהר.

און וואָלט קושען דאָס פֿערד און בעטען עס רחמים, עס זאָל אויפֿשטעהן און אַוועקגעהן.

און וואָלט עס שלאָגען מכות רצח.

און וואָס ווילען די לעדיגגעהער? אַ חלי־רע זאָל קומען אויף זיי, אויף דאָס פֿערד, אויף איהם אַליין און אויף די גאַנצע וועלט!

ער האָט געגעבען דאָס פֿערד אַ זעץ מיט׳ן פֿוס אין בויך און גענומען דאָס זעקיל מיט׳ן האָבער. ער האָט אויסגעשאָטען אונטער׳ן מויל אַ פּאָר הויפֿען האָבער.

דאָס מענשענרעדיל האָט ווידער פּלוצלינג בעקומען גוטע געדאַנקען.

— אַ פֿערהונגערט פֿערד, אַ צער בעלי־חיים, דאָ וועט מען מיט קלעפּ גאָר ניט מאַכען. עסען דאַרף מען איהם געבען, עס זאָל כח האָבען צו געהן.

דאָס פֿערד האָט אַפֿילו נישט אַ קוק געטהון אויפֿ׳ן האָבער.

דער בעל־עגלה האָט געדריקט דעם פֿערד׳ס קאָפּ צום האָבער.

דאָס פֿערד האָט זיך נישט צוגעריהרט.

— עס פּגר׳ט אַוועק, האָט דאָס מענשענרעדיל בעשלאָסען.

מען האָט אויפֿגעהערט צו שלעפּען, שמייסען און שטויסען.

דער יונגער מאַן אין קאַפּעלוש האָט זיך אָבגעווישט דעם שוויים.

דאָס יונגיל מיט׳ן שטעקען איז געבליבען שטעהן מיט איין אָפֿענעם מויל, דאָס שטעקיל אויפֿגעהויבען אין דער לופֿטען. אַלע האָבען אויפֿמערקזאַם געקוקט אויף די גסיסה.

דער בעל־עגלה האַט ארומגענומען דעם פֿערד׳ס קאָפּ. ער האָט עס געוואָלט גלעטען, בעטען, וויינען פֿאַר איהם — — מיט אַלע כחות האָט ער אַראָבגעלאָזען דעם פֿערד אַ זעץ מיט׳ן פֿוס אין קאָפּ.

— פּגר שוין!

דאָס איז געוועזען אַ שרעקליך וועהגעשריי.

און איהם ווילט זיך שלאָגען, שלאָגען, ניבער מאַכען אַ סוף.

— אַ גזלן, האָט געמורמעלט דאָס מענשענרעדיל.

ער וואָלט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿען אויף דאָס רעדיל און שלאָגען און שטויסען מיט׳ן פֿוס... שלאָגען און שטויסען. ער האָט בייז אַקוק געטהון אויף דאָס רעדיל און מיט האַסט אָנגעהויבען צו קראַצען זיך דעם קאָפּ און געקוקט אויף דאָס גוסס׳ע פֿערד.

עס איז צוגעגאַנגען אַ פּאָליציימאַן און אויסגעקאָמאַנדירט, מען זאָל צונעהמען די נבֿלה. דאָס יונגיל מיט׳ן שטעקען איז אַוועקגעלאָפֿען נאָך אַ לאַנגען וואָגען.

און דער בעל־עגלה האָט אָנגעהויבען צו דערצעהלען איין אומעטיגע מעשה.

ער האָט נישט אַ גראָשען ביי לייב און זעעל, מיט וואָס וועט ער בעצאָהלען פֿאַר די פֿוהר, וואָס מען וועט ברייננען? דעם גאַנצען טאָג איז ער אָבגעזעסען אין דער היים, ווייל ער האָט געדאַרפֿט פֿערריכטען אַ ראָד—דאָס מענשענרעדיל האָט אַ קוק געטהון אויף די רעדער — און יעצט, אַז ער איז שוין מיט מזל אַרויסגעפֿאָהרען, איז דאָס פֿערד גאָר אַוועקגעפֿאַלען.

דער יונגער מאַן אין קאַפּעלוש האָט אַרויסגענומען דעם געלדבייטעל; פֿערקאַסערינדיג די פּאָלע האָט ער אַ הוסט געטהון, נאָך אַ פּאָר פּאָלעס האָבען זיך אויפֿגעהויבען.

פֿון דעם מענשענרעדיל איז אַרויסגעגאַנגען אַ הויכער צילינדער און אַוועקגעגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט, מיט אַ גאַנץ צופֿרידענער מינע אויפֿ׳ן געזיכט. נאָך איהם איז אַרויס אַ צווייטער צילינדער און אויך אַוועק מיט לאַנגזאַמע טריט. האַלטענדיג זיין שטאָק אויף הינטען מיט ביידע הענד און אונטערזינגענדיג. און דאַן זענען אַרויס אַ פּאָר לאַנגע קאַפּאָטעס און אַוועק מיט שנעלע טריט און אָנגעקנייטשטע שטערן—זעהר בעשעפֿטיגטע מענשען.

דער יונגער מאַן האָט אַריינגעשפּאַרט דעם בעל־עגלה אַ מטבע און אַ קוק געטהון אויף דאָס רעדיל און אָנגעשטעלט זיין בליק אין דער זייט, פֿון וועלכער דער וואָגען דאַרף אָנקומען, און דאַן אויף דאָס גוסס׳ע פֿערד.

נאָך איינגע הענד האָבען זיך צוגערוקט צום בעל־עגלה׳ס האַנד.

ער האָט צוגענומען די נדבות אָהן אַ דאַנק, גלייך ער וואָלט נישט געהערט, ווי מען שפּאַרט איהם עפּיס אין האַנד. ער האָט גע־

קוקט אין דער זייט, פֿון וועלכער עס דאַרף קומען די פֿוהר, געקוקט אויף דאָס גוססיע פֿערד און דערצעהלט זיין אומעטיגע מעשה.

פֿאַר צוויי חדשים איז איהם שוין איין פֿערד געפֿאַלען. האָט ער ענטליהען אַ פֿופֿציגער אויף וואכער און געקויפֿט דאָס פֿערד, און יעצט...

ער וועט זיך צושלאָגען דעם קאָפּ אָן וואנד, קיין אַנדער ברירה האָט ער נישט!

עס האָט זיך בעוויזען אַ לאַנגער וואָגען. דאָס יונגיל איז געשטאַנען אויפֿ'ן וואָגען מיט אַ פֿרעהליכען געזוכט און לוסטיג געמאַכט מיט'ן שטעקען ווי אַ קאפּעלמייסטער.

דער בעל־ענלה איז בלייך געוואָרען. ער האָט אַראבגעלאָזען די האַנד מיט די נדבות — ער האָט זיי נאָך אַלץ געהאַלטען, גלייך ער וואָלט פֿון זיי נישט געוואוסט — און בעטראַכט דאָס פֿערד.

אהיים אָדער צום שינדער?

ער האָט בעשלאָסען פֿיהרען עס אַהיים, מיט דער האָפֿנונג, דאָס פֿערד זאָל נאָך געזונד ווערען.

— דאָס צווייטע פֿערד צום שינדער אין צוויי חדשים צייט, האָט ער געזאָגט צום מענשענרעדיל מיט אַ ביטערן שמייכעל.

דאָס פֿערד האָט דערעסען דאָס ליגען, עס איז איהם געוואָרען קאַלט, און זינט מען האָט עס אויפֿגעהערט צו שלאָגען און צו שמייסען, האָט עס דערפֿיהלט דעם וועהטאָג. עס האָט זיך בעשלאָסען אויפֿשטעהן און אַוועקגעהן. דאָס פֿערד האָט זיך אויפֿגעשטעלט אויף די פֿאָדערסטע פֿיס. דאס מענשענרעדיל האָט זיך דערשראָקען און אָבגעטראָטען אַ ביסיל. דאָס פֿערד איז שוין געשטאַנען אויף אַלע פֿיער.

דער בעל־עגלה האָט געמאַכט גרויסע אויגען פֿון פֿערוואונדערונג און אויף גיך, ווי אונגערן, גלייך ער וואָלט נישט בעמערקט, וואָס ער טהוט, אַראבגעלאָזען די נדבות אין קעשענע, און גענומען איינשפאַנען דאָס פֿערד. ער האָט געגעבען אַ זעץ מיט'ן קולאַק אין די צייהן, און מיט'ן שטיפֿעל אין פֿאָדערסטען פֿוס.

— אַ פגירה אויף דיר, שפּיעלונגען האָט זיך דיר פֿערוואָלט!

דאָס מענשענרעדיל איז געשטאַנען ווי פֿאַר אַ גרויסער רעטעניש.

— וואָס זאָגסט דו דערצו?

מען האָט געלאַכט.

דער בעל־עגלה איז שנעל אַוועקגעפֿאָהרען, שטאַרק שמייסענדיג דאָס פֿערד. אין דער היים וועט ער זיך ערשט רעכט גוט אָבּרעכענען מיט „דער פגירה".

— דו וועסט נאָך ביי מיר בעקומען, אַ חלי־רע אויף דיר!

די קינדער האָבען זיך געלאָזט לויפֿען נאָך דעם וואָגען, און דאָס יונגיל מיט'ן שטעקען האָט געמאַכט מיט'ן שטעקען און געשריי־ען „נאָ, נאָ, נ־נאָ!"

דאָס מענשענרעדיל האָט זיך אָנגעהויבען פֿונאַנדערצוגעהן, גאַנץ צופֿרידען מיט דעם וואָס מען האָט געזעהן.

— מיר האָט דאָס דערווײלע געקאָסט פֿונפֿציג קאָפּיקעס, האָט געזאָגט דער יונגער מאַן אין קאפּעלוש.

— און מיר?... האָט געזאָגט איין אַנדער יונגער מאַן אין אַ קאַפּעלוש. ער האָט נישט געזאָגט וויפֿיעל.

זיי האָבען ביידע געלייגט...

---

# די זומערפֿויגעל.

## אַ מעשה פֿאַר גרויסע און קליינע קינדער.

### IV

דערווייל איז שוין אַוועקגעגאַנגען אַ היבשע צייט; די יונגע שטאָרכען זענען שוין גענוג גרויס געוואָרען, אַזוי אַז זיי האָבען שוין געקענט שטעהען גלייך אין דעם נעסט און קוקען אַרום און אַרום. דער פֿאָטער פֿלעגט זיי אַלע טאָג ברייגנען די בעסטע פֿרעש, קליינע שלענגליך וכדומה אַנדערע זאַכען, וואָס זענען פֿאַר די שטאָרכען די בעסטע מאַכלים; היינט פֿלעגט ער זיי דערצעהלען מעשיות פֿון די זומפען, וואו ער פֿלעגט אַרומפֿליהען אַרומצוזוכען עפּיס צו עסען פֿאַר די קינדער, און וואו ער פֿלעגט זיך אָנזעהען אַ סך זאַכען. נאר ווי אַזוי ביטער עס קומט איהם אָן יעדעס ווערימיל, יעדעס שלענגיל, וואָס ער ברייגנט זיי צום עסען; וואָס ער פֿלעגט איבערטראַגען פֿון די אַלע מינים בעשעפֿענישען, וואָס וואוינען אין יענע זומפען און האָבען אַזאַ שנאה צו אַלע אַנדערע חיות, וואָס ליגען ניט ווי זיי תמיד אין דער בלאָטע, און בעזונדער צו די פֿויגעל, דערפֿאַר אַ פנים, וואָס זיי קענען זיך אויפֿהויבען הויך הויך, העכער פֿון אַלע; ווי אַזוי ער באַברעט זיך נעביך אַ גאַנצען טאָג אין דער בלאָטע ביז אין האַלז אַריין, פֿערשמירט זיך, פֿערבלוטיגט זיך, דאָס פֿלעגט ער זיי נישט דערצעהלען. אַהיים פֿלעגט ער קומען ריין, אָבגעוואַשען זיך פֿריהער אין אַ טייך. ווייל וואָס דאַרפֿען קינדער וויסען פֿון אַזוינע זאַכען.

— קינדערליך — זאָגט איין מאָל די מוטער — איצט דאַרפֿט איהר זיך אָנהויבען לערנען פֿליהען — און אַזוי האָט זי זיי אַלע אויסגעשטעלט אויף דעם שפּיץ דאַך; זיי האָבען נעביך שטאַרק געציטערט, דער קאָפּ האָט זיך זיי געדרעהט פֿאַר שרעק, עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז אָט אָט פֿליהען זיי אַראָב און זיי האָבען געפּאַכט מיט די פֿליגעליך זיך אונטערצוהאַלטען גלייך. — קוקט נאָר אויף מיר! — זאָגט זיי די מוטער — טהוט ווי איך טהו, דעם קאָפּ דאַרפֿט איהר אַזוי האַלטען, די פֿיס אַזוי אויסשטרעקען, אָט אַזוי. איינס, צוויי, דריי! אַנדערש וועט איהר קיין מאָל נישט אַרויס פֿון דאַנען. — און כדי זיי צו ווייזען, איז זי עטליכע מאָל איבערגעפֿלויגען אַהין און אַהער איבער'ן דאַך, די קינדערליך האָבען געפּריוווט איהר נאָכטהון, אָנגעהויבען מאַכען מיט די פֿליגעליך און „באָם"! האָבען זיי זיך אַלע איבערגעקעהרט, ווייל עס איז געוועזען דאָס ערשטע מאָל.

— איך וויל נישט פֿליהען! — זאָגט איינער פֿון די יונגע שטאָרכען — איך מאַך מיר אַסך פֿון דעם עלטסטען מיט זיין פּריווינג, מיט דעם ווארים לאַנד, וואָס די מאַמע דערצעהלט; ס'איז פֿאָלג מיר אַ גאַנג, נאַ דיר אַ פֿליהעניש ערגיץ אין עק וועלט, מ'קען נאָך רוק און הענד ברעכען, איך וועל בעסער דאָ בלייבען" — און דאָס זאָגענדיג איז ער צוריק אַריינגעקראָכען אין נעסט.

— אַ, דו ווילסט אַ פנים דאָ פֿערפֿרוירען ווערען, אָדער אפשר געפֿעלט דיר בעסער, די ימח־שמוניקעס זאָלען דיר קוילען און פֿערברענען? אָט שטעהען זיי אונטען און וואַרטען.

— ניין, האָט נאָך אַמאָל געענטפֿערט דאָס קליינע אָנגעשפּאַרטע שטערכיל. דאָ וועל איך טאַקי בלייבען, אָבער, נישט קשה, זאָרגט זיך ניט פֿאַר מיר. עס וועט מיר גאָר נישט שאַדען. איך וועל מיך אַראָבלאָזען צו די גאַסעניונגליך, וועל מיך אויסלערנען וואַרפֿען מיט זיי אין איינעם שטיינער, זינגען דאָס לידעלע, וועל איך זיין גלייך מיט זיי און זיי וועלען מיך ניט טשעפּען.

— און אין איינעם מיט זיי וועסט דו נאָך אפשר וואַרפֿען שטיינער אין די נעסטען פֿון דיינע אייגענע, אין די נעסטען פֿון די פֿויגעל און חוזק מאַכען פֿון זיי! האָט נעגעבען אַ געשריי דער פֿאָטער. ער איז פּונקט אין דער מינוט צוריקגעקומען דורך עטליכע שעה אַרומפֿליהען אין די זומפּען, טראָגענדיג פֿיר די קינדערליך עסען אין שטיביל. אַז ער האָט דאָ דערהערט ווי די מוטער טענה'ט מיט דעם שלעכטען פֿערדאָרבענעם קינד, האָט ער זיך אָבגעשטעלט הייגענדיג אין דער לופֿט איבער דעם נעסט מיט צולאָזטע פֿליגלען.

— און אויף דערויף,—האָט ווייטער געשריען דער אָרימער פֿאָטער אויסער זיך פֿון זיין פֿערדאָרבען קינד'ס ענטפֿער — אויף דערויף דאַרף איך פֿערלירען אַלע מיינע כוחות, קריכען אַרום טיעף אין אַלע זומפּען, איבערטראָגען חרפּות און בזיונות פֿון די אַלע מינים זומפּען־בעשעפֿענישען, דערויף האַרעווען און אָוועקלעגען דאָס לעבען, אַז דערנאָך זאָלען דיינע אייגענע קינדער, דיין אייגענע בלוט און פֿלייש איבערגעהען צו אונזערע שונאים, צו די וואָס פֿערביטערען אונז דאָס לעבען! נעה זשע טאַקי באַלד צו זיי די מינוט, די רגע.

דאָס פֿערדאָרבענע שטערכיל האָט אָנגעהויבען ציטערן מיט דעם גאַנצען לייב; אַפּאָר מינוטען האָט עס זיך געריהרט פֿון דעם אָרט, נאָר פּלוצלינג האָט עס זיך מיט אַלע כוחות געגעבען אַלאַז אַראָב צו די גאַסעניונגליך.

די מוטער האָט זיך אַ וואָרף געטהין צו איהם אָבצוהאַלטען, נאָר דער פֿאָטער האָט זי בייז אָבגעשטעלט.

— אַזאַ נידריגע בריאה איז מעהר ניט מיין קינד, האָט ער געזאָגט מיט אַ פֿעסט קול. זאָל ער געהען וואוהין זיינע נידריגע געפֿיהלען ציהען איהם. אָבהאַלטען ביי זיך איין אייגענעם אינוועניגסטען שונא איז נאַריש און געפֿעהרליך. ער וועט נאָך אַנשטעקען מיט זיין נידריגקייט טויזענד אַנדערע. געהט עס אָבער אַוועק, האָט מען פֿאַר איהם מעהר ניט וואָס מורא צו האָבען, אַזוי ווי פֿאַר אַ געפֿעהרליכען קראַנקען, וואָס מע פֿיהרט איהם אַרויס מחוץ לַמַחֲנֶה. און הלואי וואָלטען אַלע אונזערע שונאים פֿון אונזערע אייגענע באַלד אַוועקגעגאַנגען פֿון אונז. נישט קשה. לאָזען זיי זיין אַפּילו צעהנדליגער טויזענד. אַלע אַלע לאָזען זיי אַוועקגעהען, וועלען מיר נאָך שטאַרקער ווערען. פֿיעל ערגער איז, אַז זיי בלייבען צווישען אונז און שטעלען זיך נאָך פֿאַר פֿאַר איבערגעגעבענע פֿריינד, וואָס זאָרגען פֿאַר טובות־הכלל, און מיט זייערע פֿאַלשע רייד קעהרען זיי אָב פֿון אונזערע שטאָרכען די הערצער פֿון פֿיעל יונגע פֿויגעל. ס'איז אַוודאי נישט גרינג, אָבער בעסער זאָל בלייבען וועניג, אָבער איידעלע געזונדע, איידער אַלע זאָלען חלילה קראַנק ווערען מיט נידריגקייט.

אונטען דערווייל אויף דער גאַס זענען געשטאַנען די גאַנצע טשאַטע שקצים. אַז זיי האָבען דערזעהען ווי דער יונגער שטאָרך לאָזט זיך צו זיי, זענען זיי אַלע צוגעלאָפֿען צו דער שטוב, וואו דאָס נעסט איז געוועזען, אויסשטרעקענדיג די הענד צום דאַך. אָבער דאָס שטערכיל האָט זיך גלייך אַראָבגעלאָזט אויף יאָהאַנ'ס הענד. דער יאָהאַן איז געוועזען דער גרעסטער מיוחס צווישען די אַלע דאָרפֿשקצים. זיין פֿאָטער איז געוועזען דער שענסטער בעל גוף און דער ריבער האָט מען איהם שוין כמה יאָהרען געמאַכט פֿאַר דעם עלטסטען אין דאָרף. יאָהאַן איז דאָס געוועזען די גאַנצע צייט דער רעדעלפֿיהרער ביים וואַרפֿען די שטיינער, ביים ליעדעלע זינגען. ער האָט עס אויסגעקלערט אַלע צוגעמעניש'ען די שטאָרכען, ער האָט מעהר ווי אַלע פֿון זיי געמאַכט חוזק און לצנות.

איצט האָט ער זיך געפֿיהלט שטאַרק גליקליך וואָס ער האָט געהאַט די עהרע אונטערצוחאַפּען דעם יונגען שטאָרך, וועלכער האָט פֿערלאָזט זיין נעסט. און צווישען אַלע גאַסעניונגליך איז געוואָרען אַ גדולה מיט אַ פֿרייד מיט אַ גרויס געשריי. מיט גרויס שטאָלץ, גלייך זיי וואָלטען איינגענומען אַ גאַנץ לאַנד אָדער בייגעקומען אַ גאַנץ פֿאָלק, האָבען זיי געטראָגען די טייערע מציאה איבער דעם גאַנצען דאָרף, שרייענדיג: זעהט זעהט, וואָס פֿאַר אַ שענער, יונגער און וואוילער שטאָרך איז צו אונז געקומען! אַלע האָבען איהם געגלעט, געלויבט איהם און געזאָגט, אַז ער האָט אַלע מעלות אויף דער וועלט. אַלע זענען געוואָרען צו איהם אַזוי גוט, אַזוי זיס, אַזוי צוגעלאָזט. ניט אויף איהם האָבען זיי געוואָרפֿען שטיינער, ניט פֿון איהם חוזק געמאַכט; ניין, דאָס האָבען זיי געמיינט יענע די מיאוסע, די אַלטע מיט די לאַנגע נעז. ער זשע איז שען און ריין ווי גאָלד, האָט אפילו קיין פּנים ניט פֿון די אַלטע שטאָרכען, וואָס באַגרען זיך כסדר אין אַלע זומפּען אָבצוזוכען אַ ווערמיל, אַ פֿראָש און אַנדערע פּאַסקודסטווע. דער יונגער שטאָרך האָט גאָר געקוואָלען און זיך געשמאָלצען פֿון די אַלע רייד און לויבענישען. פֿערשטעהט זיך, ער האָט אויך ניט געשוויגען. יאָ, זיי זענען גערעכט, ער האָט ניט אין זיך אַפּילו קיין אַדער, קיין פּינטעלע פֿון אַ שטאָרך. ער האָט כל ימיו גאָר פֿיינד געהאַט אָט די לאַנג־נעזיגע מצרים־בריאות; עס האָט איהם תמיד געצויגען צו זיי, צו די איידעלע דאָרף־שקצים, אַלע זיינע געפֿיהלען, די גאַנצע נשמה זיינע איז פֿון אַ דאָרף־שקץ, און דאָס וועט ער זיי דערווייזען מיט אַלע זיינע געגג, מיט'ן גאַנצען טהון זיינעם.

אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען דער גאַנצער טאָג אין לויבענישען און אין זיסע פֿרידליכע רייד. ס'איז גאָר געוואָרען איין לעבען, איין נשמה. די גאַסען־יונגליך האָבען איהם געריסען איינער ביים אַנדערען. יערער האָט געוואָלט האָבען די עהרע און דאָס גליק איהם אַביסיל צו האַלטען. אָבער ביז ס'איז נאַכט געוואָרען האָט ער זיך זיי שוין צוגעגעסען. פֿאַר דעם שלאָף האָט איהם יאָהאַן אַריינגעוואָרפֿען אין איין אַלטע שטאַל אָהן אַ דאַך אויף אַ גרויסען הויפֿען מיסט.

ס'איז שוין געוואָרען שפּעט ביי נאַכט. דאָס גאַנצע דאָרף האָט שוין לאַנג געשלאָפֿען. דער הימעל האָט זיך פּלוצלינג בעדעקט מיט געדיכטע שוואַרצע וואָלקענס; עס האָט אָנגעהויבען דונערן און בליצען און אַ שלאַקסרעגען האָט זיך אַראָבגעגאָסען אויף דער ערד. דאָס קליינע שטערכיל, נעביך, איז געוואָרען דורך און דורך נאַס און האָט שרעקליך געציטערט פֿון קעלט. דערצו איז עס געוואָרען שטאַרק הונגעריג אויך, וואָרום פֿאַר גרויס שמחה האָבען די גאַסעניונגליך פֿערגעסען צו געבען איהם עפּיס עסען. וואַסער, אמת, האָט מען איהם געגעבען גענוג. ער וואָלט נעביך געוואָלט זיך אָבזוכען איין אַנדער אָרט, וואו דער רעגען זאָל איהם ניט נעצען, וואו עס זאָל איהם ניט זיין אַזוי שרעקליך קאַלט. נאָר ווי אַזוי האָט ער געקענט

זיך ערגיץ לאָזען אין אַזאַ שרעקליכער פינסטערער נאַכט. און דערצו איז ער געוועזען נאָך זעהר שוואַך און איז נאָך אין שטאַנד ניט געוועזען צו פליהען, אפילו מאַכען מיט די פליגלען. און אַזוי איז ער געלעגען אין דער בלאָטע הונגעריג, שוואַך און פערפרוירען, און דער רעגען האָט אַלץ אויף איהם געגאָסען, געגאָסען אָהן איין עק.

דאָ האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיין נעסט, איינפאַך, אָרימליך, אָבער ווי וואויל, ווי וואַרם און טרוקען. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן זיין מוטער, ווי זי האָט איהם געגלעט מיט דעם שנאָבעל און בעדעקט מיט איהרע ברייטע פליגלען באַלד אַז עס איז געוועזען פייכט אָדער קאַלט אין דרויסען, ווי זיס, ווי וואויל האָט ער זיך געפיהלט נאָהענט נעבען איהר וואַרם לייב. אָט שטעהט פאַר איהם דער פאָטער, ער האָט זיך נור וואָס אומגעקעהרט מיט עסען און קוקט מיט אַזאַ וואַרימער פרייד און ליעבשאַפט אויף די מוטער און אויף די קינדערליך, אין זיינע אויגען שיינט אַזוי פיעל גליק, וואָס ער האָט מיט וואָס זאַט אָנצוהאָדעווען זיינע ליעבע. וואָס וואָלט ער איצט ניט אַוועקגעגעבען, ער זאָל ווייטער זיין צווישען זיי. אָבער פערפאַלען, פערשפיעלט זיין לעבען. צוריק קען ער שוין זיך ניט אומקעהרען. דער פאָטער וועט אויף נעווים איהם ניט וועלען לאָזען אויף די אויגען.

היינט די שקצים. די שקצים, אמת, ער איז זיי שוין נמאס געוואָרען. נאָך אַ פאָר טאָג וועט זיי שוין געוויס עקלען פון איהם. נאָר פונדעסטוועגען וועלען זיי איהם בוראי דערהרג'נען, אַז ער וועט וועלען אומקעהרען זיך אין זיין נעסט. אַ שרעק איז איהם אָנגעפאַלען פון דעם ביטערען געדאַנק, אַז ער דאַרף דאָ בלייבען אויף אייביג. עס האָט שוין אָבער גאָר ניט געהאָלפען. שפּעטער אַז ער איז אונטערגעוואַקסען, האָט מען איהם אונטערגעהאַקט די פליגלען, איהם אויף תמיד צו בעוואָרענען, ער זאָל ניט אַוועקפליהען צו די עלטערן. אַזוי האָט דער אומגליקליכער איבערטרעטער געענדיגט זיין לעבען אין דער אַלטער שטאַל, פערלאָזט און פערגעסען פון אַלעמען. אויף דעם אָנהויב ווינטער אַז עס האָבען זיך אָנגעהויבען די פרעסט, איז ער אומגעקומען פון קעלט און פון הונגער, און קיינער האָט אפילו ניט געוואוסט.

(פאָרטזעצונג קומט). בן־עמי.

---

# א תשובה דעם העררן „שלום עליכם“.

נעעהרטער הערר!

אים נו׳ 24 „דער יוד“ פון 13-טען יוני האָב איך געלייענט אייער בריעף צו מיר. געלייענט האָב איך איהם אַ סך שפּעטער, און ערשט איצט, אַז איך בין נאָך דריי חדשים צוריקגעקומען קיין מאָסקווע, קען איך אייך אויף איהם ענטפערן.

קודם־כל מוז איך אייך זאָגען, אַז מיך וואונדערט זעהר אויף אייך: ווי באַלד איהר האָט זיך אונטערגענומען שרייבען אַקעגען מיין רעצענזיע אויף ה׳ ווארשאַווסקי׳ס ליעדער אין „וואָסחאָד“ נו׳ 18, פאַר וואָס האָט איהר זיך ניט מטריח געווען איבערלייענען דעם נו׳ 25 פונ׳ם „וואָסחאָד“, אין וועלכען איהר וואָלט געפינען הר׳ ווארשאַווסקי׳ס ענטפער אויף מיין רעצענזיע און מיין ענטפער אויף זיין ערווידערונג. נאָר עס ווייזט אויס, אַז דאָס האָט אייך ניט געטויגט, פאַר אייך לוינט בעסער מאַכען זיך ניט ווייסענדיג פונ׳ם נו׳ 25 וואָסחאָד, און נאָך בפרט אַז איהר האָט איבערגעטראָגען די פּאָלעמיק אין אַזאַ צייטונג, וואָס איהרע לעזער ווייסען ניט דעם אָנהויב פונ׳ם גאַנצען וכּוח און דעריבער מוזען זיי אייך גלויבען אויפ׳ן וואָרט און אָננעהמען פאַר ריכטיג און וויכטיג אַלע טענות, וועלכע איך האָב שוין לאַנג צושלאָגען אויף ברעקליך, אָבגעפּרענט און אָבגעענטפערט אין „וואָסחאָד“, — לכן זאָלט איהר מיר קיין פאַריבעל ניט האָבען, אַז איך וועל מוזען איבערחזר׳ן איינינע ערטער, וואָס איך האָב שוין פריהער געזאָגט אין נו׳ 25 פון „וואָסחאָד.“

איך ענטפער אייך כסדר נאָך די פּונקטען:

1) איהר זאָגט אַז אין דער יודישער שפּראַך רופט מען „פאָלקס־ליעדער“ ניט נור די ליעדער, וועלכע דאָס פאָלק זינגט, נאָר אפילו די, וואָס זענען נור געשריבען „פאַר“ דאָס פאָלק, אין דעם יודישען זשאַרגאָן, און דערום האָט ה׳ ווארשאַווסקי רעכט געהאַט, וואָס ער האָט אָנגערופען זיינע ליעדער פאָלקס־ליעדער: (אין מיין רעצענזיע האָב איך בעוויזען אַז ער האָט אויף דעם קיין רעכט ניט). אויב עס איז אפילו יאָ דאָ אַזעלכע, וואָס האָבען אַזאַ מיינונג, מוז איך זיי פונ׳ם הארצען בעדויערען, ווארום זיין מישען צונויף קאַשע מיט באָרשט, צוויי גאַנץ פערשידענע זאַכען. זיי מישען צונויף ליעדער, וועלכע דאָס פאָלק האָט אָנערקענט פאַר זיינע, מיט ליעדער, וועלכע עס האָט עמיצער אָנגעשריבען און האָט שטאַרק חשק אַז זיי זאָלען ווערען פאָלקס־ליעדער, חאָטש דאָס פאָלק וויל אפשר נאָר ניט קענען און ניט הערען, ליעדער וואָס עטליכע מיידליך אָדער יונגע לייט זינגען אין וואַסילקאָוו אָדער אין פאַסטאָוו.

נאָר ניט אַלע האָבען אַזאַ מיינונג פון „פאָלקס־ליעדער“. איהר אַליין אין אייער בריעף בענוצט די גאַנצע צייט דאָס וואָרט „פאָלקס־ליעדער“ נור אין איין — איין נעמליך אומר־כטיגען — זין, ווי איך וועל ערקלערען אין פּונקט 3. — אַחוץ דעם, האָט דאָך ה׳ ווארשאַווסקי זיינע ליעדער אַרויסגעגעבען מיט אַ פולען רוסישען טיטעל „народныя пѣсни“, נו, אין רוסיש האָט שוין דער ה׳ ווארשאַווסקי קיין רעכט ניט געהאַט אָנצורופען זיינע ליעדער „נאַראָדנע“ — די איינציגע מעלה פון אייער פעלעטאָן איז נור די, וואָס צו ליעב איהם וועל איך פאָרט מוזען קלאָר מאַכען די לעזער פונ׳ם „יוד“ אין דער פראַגע, און פון דעם שטאַנדפּונקט בין איך מסכים אַז ער פערדינט אַכטונג און אויפמערקזאַמקייט. ליידער איז דאָס אָבער זיין איינציגער פערדינסט, דאָס איבריגע אין אייער בריעף צו מיר איז נור אָדער איין איבערקעהרעניש און אַ איבערדרעהעניש פון מיינע ווערטער, דאָס הייסט איהר שרייבט מיר צו אַזעלכע ווערטער, וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געזאָגט, אָדער איהר מאַכט פּראָסט ליצנות, וואָס פּאַסען גאָר ניט אין אַזאַ ערנסטער פראַגע ווי „וואָס איז דער תוך פון יודישע פאָלקס־ליעדער“. — דאָס וועל איך אייך טאַקי באַלד בעווייזען.

2) ה׳ ווארשאַווסקי און איהר מאַכט מיר דעם פאָרוואורף, אַז איך האָב מיט דעם טיטעל פון מיין אַרטיקעל אין וואָסחאָד אָבגענאַרט דעם עולם; איהר שרייבט מיר: „איהר האַלט ניט קיין וואָרט! תחלת הויבט איהר אָן אייער רעצענזיע מיט אַ הקדמה אַז איהר וועט רעדען נור פון דער מוזיק; פון די ליעדער *) זאָגט איהר לאָזען רעדען ספּעציאַליסטען, אין תוך־כדי־דבור הויבט איהר אָן צו רעדען דוקא פון די ליעדער“.

איהר ברייננט אָבער ניט, ניט קיין איינציגען אויסדרוק מיינעם, מיט וועלכען איהר זאָלט קענען בעווייזען מיין חטא — איהר ברייננט ניט קיין בעוויז, ווייל פשוט איהר האָט עס ניט געקענט ברייננען, ווייל וויפיעל איהר זאָלט ניט זוכען, וועט איהר עס ניט געפינען. אין מיין גאַנצער רעצענזיע רעד איך נור פון דער מוזיק פון ה׳ ווארשאַווסקי׳ס ליעדער, און ניט איין וואָרט פון זייער טעקסט. אמת איך נעברויך דאָס וואָרט „פעסניא“, נאָר דאָס איז ווייל מיין רעצענזיע איז געשריבען רוסיש, און אין דער רוסישער שפּראַך האָט דאָס וואָרט „פעסניא“ די אייגענע בעדייטונג, אי פאַר די ווערטער, וועלכע עס ווערען געזונגען, אי פאַר די מעלאָדיע, מיט וועלכער מע זינגט די ווערטער — אַז איך בענוץ דאָס וואָרט — „פעסניא“ נור אין דער צווייטער בעדייטונג, זעהט מען קלאָר פון מיין הקדמה צו דער רעצענזיע. אפילו אין זשאַרגאָן פערשטעהט מען, דאַכט זיך, אויך אונטער׳ן וואָרט, „ליעד“ אי די מעלאָדיע, אי דעם טעקסט. אַלזאָ האָב איך די לעזער אין אירטהום ניט אַריינגעפיהרט.

---

*) איך האָב גאָר ניט געזאָגט. „פון די ליעדער“ איך האָב גאָר געזאָגט פון דעם ליטעראַרישען זין פון די ליעדער (דאָס הייסט פונ׳ם טעקסט.) און דאָס איז גאָר עפּיס אַנדערש ווי דער לעזער וועט זעהען ווייטער.

3) איהר שרייבט מיר צו או איך האָב דורכאויס געזאָגט, אַז "פאָלקס־ליעדער זענען ליעדער אַלטע צונויפגעזאַמעלטע פונ׳ם פאָלק" — ווידער אַ פערדרעהעניש און אַ איבערקעהרעניש פון מיינע ווערטער. אָט וואָס איך האָב געזאָגט. הערט זיך נאָר גוט צו: "וואָס הייסט פאָלקס־ליעדער? געוויס אַזעלכע ליעדער וועלכע דאָס פאָלק זינגט זיי, אַזעלכע ליעדער וואָס זענען איבערגעגאַנגען צום פאָלק פון אומבעקאַנטע מחברים פון גאַנץ אַלטע, לאַנג פערגעסענע צייטען, אָדער זיי זענען געשריבען טאַקי איצט כמעט פאַר אונזערע אויגען, נאָר זיי האָבען זיך ווייט פערברייטעט צווישען דעם פאָלק צוליעב זייער פאָלקס־כאַראַקטער (נוסח). **)

אם־כן איז גאַנץ אומזיסט אייער טרחה, וואָס איהר האָט זיך אַזוי געמיהט צו בעווייזען, אַז אפילו די ליעדער, וואָס זענען נישט לאַנג געמאכט געוואָרען, קענען אויך ווערען פאָלקס־ליעדער. איהר שפּאַרט זיך און שטופּט זיך אין אַ גאַנץ אָפענע טיהר, וואָס איך אַליין האָב געלאָזט אָפען: עס געהט כלל נישט אין דעם, צי פרישע ליעדער קענען ווערען פאָלקס־ליעדער, מע שמיעסט נור פון דעם, צי די ליעדער פון ה׳ וואַרשאַווסקי פערדינען די עהרע אָנגערופען צו ווערען פאָלקס־ליעדער. — איהר דערצעהלט אַז אין יאָהר 1892 האָט איהר געמאַכט אַ ליעד "שלאָף מיין קינד" און בעשטעטיגט, אַז זי איז איצט געוואָרען אַ פאָלקס־ליעד — נו, בכן? אויב דאָס איז אפילו אַזוי, וואָס זשע בעווייזט דאָס? דאָס בעווייזט נור, אַז 8 יאָהר צוריק האָט איהר אָנגעשריבען אַ ליעד, וואָס מע קען עס איצט אָנרופען „פאָלקס־ליעד", אָבער דער ה׳ וואַרשאַווסקי האָט דאָך אַקוראַט פערקעהרט געטהון: ער האָט פריהער אַ נאָמען געגעבען זיינע ליעדער "פאָלקס־ליעדער" און ערשט דערנאָך האָט ער ווי אַרוס־געלאָזט אויף דער וועלט: און אָט אַ דאָס האָב איך אָנגערופען "סאַמאָזוואַנעטוואָ".

4) איהר לאַכט אויס די אופנים און אַלע וויסענשאַפטליכע נעמען, מיט וועלכע איך האָב זיך בעמיהט צו בעווייזען, אַז אין ה׳ וואַרשאַווסקי׳ס ליעדער איז פאַרהאַן זעהר ווייניג יודישע, און איבערהויפּט גוטע, מוזיק. נאָר וייט זשע מוחל! וואָס פאַר אַ ממש וועט האָבען די גאַנצע קריטיק, אַז זי וועט נור זיין געגרינדעט אויף דעם פערזענליכען געפיהל "עס געפעלט" אָדער "עס געפעלט מיר נישט" "אַך עס איז געשמאַק" "עס איז אַ מחיה" וכדומה? איהר למשל, קוועלט נאָר אָן פון ה׳ וואַרשאַווסקי׳ס ליעדער, און איך "אַקוראַט פערקעהרט". נאָר וואָס פאַר ממש האָבען די אַלע פוסטע אויסגעשרייען און בפרט אין אַזאַ נייער און שווערער פראַגע ווי "די יודישע פאָלקס־מוזיק", — אַ פראַגע, פאַר וועלכע מע האָט נאָך ביז היינט ניט אויסגעאַרבעט אפילו די ערשטע יסודות. דאָ מוז מען צוגעהן מיט אַ גאַנץ אַנדערען וועג. דאָ וועט איהר מיט „אַך" און "אַך", מיט ליצנות און אויגענגלאַנצען ניט אָבקומען, דאָ מוז מען ערנסט שטודירען די יסודות, אויף וועלכע עס איז אויפגעבויט די יודישע (ווי אויך איטליכע אַנדערע) מוזיק: לאַד, ריטמען, דער האַרמאַנישער גאַנג, דאָס ריכטיגע בעשטימען פון די כאַראַקטעריסטישע צייכען פאַר יעדען יסוד בעזונדער און פאַר אַלע אין איינעם, מיט איין וואָרט, ווי ווייט מעגליך בעשטימען בפרטיות די אביעקטיווע צייכען פון דער יודישע פאָלקס־מוזיק, — נור אויף אָט אַזאַ אופן קען מען זיך שטעלען אויף אַ פעסטען גרונט ביי אונזער פראַגע, און אַז איך האָב זיך יאָ געפּריוופט שטעלען אויף אַזאַ פעסטען גרונט און האָב יאָ געפּריוופט בעשטימען די יסודות פּרטיות פון דער יודישער מוזיק, פון די יודישע פאָלקס־ליעדער, כדי איך זאָל העלפען, ווי ווייט מיינע כוחות און וויסען טראָגען, לעזען די פראַגע, וואָס זשע טהוט איהר? אַנשטאָט צו בעווייזען מיר, אַז איך האָב אֶפשר אַ טעות, האָט איהר קיין בעסערס ניט געפונען ווי זיך לוסטיג צו מאַכען אָט מיט אַזעלכע קלוגע ווערטער: "או אז איהר וועט מיר זאָגען אכצעהן מאָל עאָלייסקי (לאד) דאַריסקי, אייקסאָלודייסקי וכדומה אַזעלכע הויכע מוזיקאַלישע ווערטער פון מלאכים שפראַך, — וואָס ווייסען מיר פּראָסטע מענשליך? ביי אַזעלכע ווערטער עפענען מיר אויף מויל און אויערען און טראַכטען בשעת מעשה: אָט אַ מוזיק!"

נעהרטער הערר שלום־עליכם! אין אייערע הומאָריסטישע שריפטען לאַכט איהר אויס דעם בית המדרש־יודען און די מאַרק־יודענע, וואָס זענען אַזעלכע נאַרען, אַז זיי מיינען ביי זיך אַז זיי זענען זעהר קלוג און מאַכען שפּאַס פון די אינטעלעגענטע, ציוויליזירטע, געבילדעטע און פערדרעהען די ווערטער און זאָגען: צובעליזירט, לעגענט, געבולבעט...

איצט פרעג איך אייך, וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר אויסצולאַכען דעם פּראָסטען אומוויסענדען בית־המדרש־יודען, אַז איהר אַליין במחילה טהוט אויך אַזוי. איהר ווייסט ניט, איהר פערשטעהט ניט די וויסענשאַפטליכע נעמען פון מוזיק און קרימט זיך זיי נאָך און לאַכט זיי אויס! איך פערשטעה ניט, ווי אַזוי נעמט איהר זיך אונטער רעדען, און בפרט דרוקען פון דעם וואָס איהר פערשטעהט גאָר ניט? און וואָס קען איך ענטפערען אַקעגען אַזאַ מין "קריטיקע"? אפילו אייער מנחם מענדיל אין זיינע בריעף צו שיינע שיינדלין געברויכט אויך די ווערטער אַקציע, דעוועדענט א. ז. וו. דען ווי קען דען אַנדערש זיין? ווי קען מען רעדען פון בערזע און ניט געברויכען די ווערטער וועלכע מע דאַרף דאָרט. און איהר ווילט אַז איך זאָל רעדען פון מוזיק, פון יודישע ליעדער, אָהן ווערטער פון מוזיק! איהר ווייסט, ר׳ שלום עליכם, שיינע שיינדיל איז אַ סך קלוגער פון אייך, אַז זי פערשטעהט ניט וואָס הייסט "סאדערזשאַנקע" אָדער "דעוועדענט", פרעגט זי, בעט, מע זאָל איהר ערקלעהרען, און איהר, אַז איהר פערשטעהט ניט, וואָס מע רעדט, חכמה׳ט איהר זיך, מאַכט ליצנות און זענט זעהר צופרידען פון זיך, און מיינט אַז די לעזער פונ׳ם "יוד" וועלען נאָר ענטציקט ווערען און אויסשרייען? אָט אַ מויק!

5) לעכערליכער פון אַלכדינג איז דאָס, וואָס איהר, וועלכער האָט אזוי פיינט די וויסענשאַפטליכע נעמען (דאָרט וואו זיי זענען נייטהיג) ברויכט זיי אַליין, און זעלבסטפערשטענדליך ניט ריכטיג, פעלערהאַפט און אונפּאַסענד. אָט למשל איהר זאָגט, אַז איך וידעל דעם ה׳ וואַרשאַווסקי פאַר דעם „טאַנצען־טעמפּ" פון זיינע ליעדער — ניין! ניט פאַר דעם טעמפּ, נאָר פאַר דעם „ריטם". איהר דאַרפט וויסען, ה׳ שלום עליכם, אַז טעמפּ און ריטם זענען צוויי גאַנץ פערשידענע זאַכען, און אויסמישען זיי צוזאַמען קען נור דער, וואָס איז גאַנץ אומבעקאַנט מיט מוזיק — (דאָס איז אפילו נאָך ניט אַזאַ גרויסעם אומגליק) — און וויל אָבער פאָרט ווי אַ בר סמכא רעדען איבער מוזיק — דאָס איז שוין ביטער! ווייטער ווילט איהר מיר בעווייזען, אַז וואַרשאַווסקי האָט געהאַט פאָלקאָמען רעכט, וואָס ער האָט בעצייכענט ליעד נו. 3 מאָרענדאָ (אבשטאַרבענד אַלץ שטילער און שטילער) און באַלד אין דעם 9־טען בעצייכענט ער פאָרטימאַ (זעהר שטאַרק), דאָס וואָס איך האָב געבראַכט ווי איינעם פון די זעהר פיעל טעמים ווי אונוויסענד ה׳ וואַרשאַווסקי איז אין מוזיק, און איהר זענט אַזוי גוט און ערצעהלט מיר (אַ דאַנק!) אַז "אַזעלכע זאַכען" טרעפען זיך און געפינען זיך אין די סימפאָניעס בעטהאָווענס, מאָצאַרט׳ס, מענדילסאָהנ׳ס און שאַיקאָווסקים — נו, וואָס זאָל איך דערויף זאָגען? איך קען נור זאָגען, אָט אַ מויק! ווי דרייסט און שטאַרק ער רעדט עס פון אַלסדינג! נאָר ניין! איך מוז אייך זאָגען אַז איהר ווייסט ניט אין מוזיק מַה דְקאַמְרֵי רעביצין, איהר מיינט אַפנים אַז סימפאָניעס זענען אויך אַ מין יקנה״ז, אָדער מאַזעפּעווקע, וואָס איהר רעדט פון זיי אַזוי זיכער, אַזוי דרייסט. — נו, לערנען אייך מוזיק האָב איך ניט קיין צייט און ניט קיין חשק, נאָר דאָס מוז איך אייך זאָגען, אַז עס איז ניטאָ ניט נור אין סימפאָניע, נאָר אַפילו ניט איין מוזיקאַלישעס שטיק אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס אויף דער ערשטער נאָטע זאָל שטעהן "מאָרענדאָ" אַזוי ווי ביי ה׳ וואַרשאַווסקי׳ן. און דאָס איז זעהר פערשטענדליך. אַראָבגעהן שטילער און שטילער קען מען אָי נאָך p (שטיל), אָי נאָך f (הויך). אָי נאָך ff (גאַנץ הויך), דעריבער שטעלט מען, געוועהנליך, פון אָנהויב דעם גראַד דער קראַפט פון די ערשטע נאָטען, און ערשט דערנאָך בעצייכענט מען "מאָרענדאָ" — נאָר דאָס איז איבריגענס ניט אַזוי וויכטיג: לאָמיר רעכענען אז ה׳ וואַרשאַווסקי׳ן האָט זיך פערגלוסט זיין אָריגינאַליש און אָנהויבען אזוי ווי קיינער אין דער וועלט הויבט ניט אָן. ער האָט אָבער אַנידערגעשטעלט

**) כדי מע זאָל שוין מעהר קיין טעות ניט האָבען אין מיינע רייד, זאָג איך אַז נור אין דעם זין און נור אין דער בעדייטונג ברויך איך דעם אויסדרוק ליעד אי אין דעם בריעף וואָס איך שרייב צו אייך.

אַט דעם "מאַרענדאַ" אין אזאַ אָרט און מיט אַזאַ שריפט, ווי מע שטעלט נור אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבען אַ בעדייטונג פאַר די גאַנצע פּיעסע ביז אין סוף, דאס הייסט ער פאָדערט אַז די גאַנצע פּיעסע פון אָנהויב ביז צום סוף זאָל געהן שטילער און שטילער און פּלוצים אויף דעם 9-טאַקט הייסט ער ff (זעהר הויך)! נו איז דאס ניט העכסט אונווינסענד, וויפיעל איהר זאָלט ניט שרייען אַז "אזעלכע זאַכען" געפינען זיך ביי די בעריהמטעסטע קאָמפּאָזיטאָרען, לסוף וואַרפט איהר אַלעס אַרויף אויף טעות הדפוס! האָט איהר געזאָלט פון אנהויב אָן אַזוי זאָגען! וואָס זשע האָט איהר געדאַרפט מחלל שם זיין די גרויסע מוזיקער בעטהאָווען און טשאַיקאָווסקי, און מאַכען זיי פאַר עם הארצים? עס איז נור די צרה. וואָס "אַזעלכע" דרוקפעהלער זענען דאָ זעהר פיעל ביי ה׳ וואַרשאַווסקי.

6) איהר שרייבט מיר צו די ווערטער: אַז מע לייענט וואַרשאַווסקים ליעדער, קען מען מיינען "אַז דאס יודישע פאָלק האַלט אין איין טאַנצען". ניין, ניט אַזוי האָב איך געזאָגט, אַט אַזוי: אַז מ ע ה ע ר ט (נאָך אַ בעווייז אַז איך רעד נור פון מוזיק). דעם ה׳ וואַרשאַווסקי, קען מען מיינען אַז יודען ז י נ ג ע ן נישט אַנדערעס ווי נור פּאָלקעס, מאַזאָרקעס און קאַדרילען. ביי זיינע יודישע ליעדער פיהלט איהר זיך שטענדיג נור ווי אויף אַ באַל אָדער אין איין אָפּערעטקע". און ווייטער זאָג איך דאָרט: "פיעל פון די יודישע פאָלקס-מעלאָדיען זענען ניט פרעמד פון טענץ-ריטמען, ווייערע ריטמען אָבער זענען גאַנץ ווייט פון אונזערע פאָילקעס, וואַלסען א. ד. ג. און אַריינזעצען זיי אין די ריימליך קען מען נור מיט הילף פון אַ גראָבער ווילדער קראַפט, אָט אַזוי ווי למשל מע זאָל פאָרשטעלען אַ שענעם, אַ אַלטען יודען, אַ חסיד מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע, מיט ווייסע זאָקען, ער זאָל טאַנצען אַ ווייענער וואַלס אָדער פאַ-דעספּאַני, אָט אזאַ מין גוואַלדהייט געברויכט ה׳ וואַרשאַווסקי." — נו, הייסט עס דען אַז איך לייקען אב "טענץ" אין דער יודישער מוזיק, אַזוי ווי איהר ווילט איינשמועסען די לעזער? ליעדער זענען געבוירען געוואָרען פון טענץ און אַלע פאָלקס-ליעדער זענען זעהר רייך מיט טענץ-ריטמען, הייסט עס דען אָבער, אַז די ריטמען זענען אַלע גלייך אי ביים רוסען, ביים יודען, ביים איטאַליענער און ביים נעגער? די יודישע ליעדער פון ה׳ וואַרשאַווסקי זענען שלעכט ניט דערפאַר, וואָס זיי זענען פול מיט טענץ-ריטמען, נאָר דערפאַר וואס די ריטמען זענען ניט קיין יודישע און אַפילו דאָרט וואו די ריטמען זעהען יא אויס ווי יודישע, זענען זיי שטאַרק פערדאָרבען מיט דעם אַקאָמפּאַנעמענט á la פּאַילקאַ, וואַלס א. ד. ג. — וועט איהר מיך דאָך פרעגען: וואָס זענען דאָס עפּיס פאַר בעזונדערע יודישע ריטמען? נאָר אום אייך צו ענטפערען (איך האָב עס ערקלעהרט אים נו. 25 וואָסחאָד) מוז איך ווידער געברויכען די ווערטער: אקצענט, סינקאָפּאַ א. ד. ג. און איהר אנשטאָט צו הערען אום צו פערשטעהן דאס ווענען וואָס איהר פאלעמיזירט, וועט איהר ווידער אָנהויבען צו חכמה׳ן זיך: "אַז איהר וועט מיר זאָגען אַכצעהן מאָל"...—

איהר און ה׳ וואַרשאַווסקי רעכענט אַז די ריטמיקאַ פון די באַלטענץ פּאַסען אַזוי ווי געבאָרען פאַר יודישע פאָלקס-ליעדער און צום בעווייז ברייננט איהר טאַקע אייניגע ליעדער (אויך פון דעם זאַמעלבוך פון די הערען גינזבורג און מאַרעק) נאָר וואָס קענען בעווייזען די אַלע אוסנאַהמען? ווערט דען אַ טיפּ בעשאַפען פון אַזעלכע אויסנעהמליכע, פרעמדע צופעליגע שטריכען, און ניט פון כאַראַקטערישע, שטענדיגע און אייגענע? אָט אין דעם זאַמעלבוך פון ה׳ גינזבורג און מאַרעק לעזען מיר למשל, אזאַ מין געדיכט: סקונשנאַ, דאָסאַדנאָ, יאַ פּאַ אוליציע ניע אידו, אָן פּאָדליעץ ניע זנאַיעט שטאָ יאַ יעוואָ לובליו! (No׳ 216) די צוזאַמענשטעלער האָבען אין זייער זאַמעלבוך געמוזט אַריינגעהמען אַ אזעלכע זאַכען, ווייל זייער צוועק איז אַ וויסענשאַפטליכער, אַז פון די ליעדער זאָל מען לערנען און פערשטעהען ווי אַזוי דאָס יודישע פאָלק לעבט, וואָס אינטערעסירט איהם און אין וועלכע פאָרמען דער יוד גיסט אויס זיין ביטער האַרץ. פרעג איך אייך, וועט דען ה׳ וואַרשאַווסקי, וואָס זיין צוועק איז געוויס נאָר די פּאָעזיע און ניט די וויסענשאַפט, וועט ער זיך ענטשליסען אזעלכע "יודישע" געדיכטע מאַכען צו זיין פּאָעטישען אידעאַל און וועט זיי נאַכמאַכען? און איהר, זיין ליטעראַרישער קוואַטער וועט צו אַזעלכע געדיכטע שרייבען הקדמות מיט הסכמות? געוויס ניט. אבער דוקא אין אזאַ טעות פאַלט אַריין ה׳ וואַרשאַווסקי מיט זיין מוזיק פאַר זיינע ליעדער, און איז אַזוי בלינד, אַז ער בעמערקט ניט, ווי ער אַליין טרעט אין בלאָטע די היילינע זאַך, פאַר וועלכע ער קעמפּפט — "געבען דעם פאָלק אזאַ מעלאָדיע, וועלכע זאָל בעהאַלטען דעם יודישען קאָלאָריט".

עס וואָלט נאָך אַזוי ניט וועה געטהון אַז עס וואָלט טאַקי נישט געוועזען קיין אייגענע יודישע פאָלקס-מוזיק, אַזוי ווי עס איז ניטאָ למשל קיין אייגענע, יודישע מאַלעריי — נו. דעמאָלט וואָלט מען שוין געמוזט לייהען מעלאָדיען ביי די פּאָלקעס און קאַדרילען. אבער אַ יודישע מוזיק איז דאָך יאָ דאָ, אַ גאַנץ בעזונדערע, פול מיט אָריגינאַלע שאָנהייטען, און איהר, אנשטאט צו ערלערנען אָט די שאָנהייטען, אַנשטאָט זיי צו היטען, צו שעטצען אַנשטאָט זיי צו רייניגען און אויסאַרבייטען פאַר זיי דעם וועג זיי זאָלען זיך מעהר און ווייטער פערבעסערען און פערברייטען, אנשטאָט דעם אַלעם פערנעמט איהר זיך נאָר מיט חוזק מאַכען און אויסלאַכען די, וועלכע בעמיהען זיך יאָ נאָך זייער פערשטאַנד און נאָך זייער כח צו ברייננען נוטצען דער יודישער מוזיק.

איהר קוועלט און זענט מקבל פנים בשמחה דעם באַל און די אָפּערעטקע, וואָס האָבען זיך אַריינגעגנב׳עט אין דעם יודישען פאָלקסליעד און מיט דעם גאַנצען געוויכט פון אייער ליטעראַרישען נאָמען שטופּט איהר און טרייבט דאס יודישע ליעד אויף דעם וועג פון אויסאַרטונג, אַז אפילו דאס ביסעלע נאַציאָנאַלע, וואָס מיר האָבען גע׳ירש׳ט פון אבות אבותינו און האָבען עס גאַנץ און אונפערדאַרבען דערטראַגען ביז היינטיגען טאָג, זאָל אויך געהן צו גרונד! איהר דאַרפט וויסען אַז דאָס גייסטיגע לעבען פון אַ פאָלק ווערט צוזאַמענגעלעגט און צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע ערשיינונגען, אין וועלכע זיין גייסט בעווייזט זיך, אין וועלכע זיין גייסט ערשיינט. און קוים זענט איהר מסכים אַז די יודישע מוזיק זאָל זיך אָבזאָגען פון איהר נאַציאָנאַלען גייסט און נאָכטאַנצען אייראָפּעאישע פאָלקים מיט וואַלסען, לייהען ביי אַנדערע און נאָכטהון פרעמדע, זענט איהר שוין נאָר ניט ווייט פון טרעטען מיט די פיס די גאַנצע יודישע פאָלקס-פיזיאָנאָמיע. ווי באַלד אַזוי, זאָגט מיר איך בעט אייך, פאַר וואָס זאָלט איהר ניט זיין פאַר די אייגענע געדאַנקען אין דער יודישער ליטעראַטור און איבערהויפּט אין אַלע זייטען פונ׳ם יודישען לעבען? היתכן, קען עס זיין, אַז איהר, אַ יודישער ליטעראַטאָר זאָלט ניט פערשטעהען, אַז אויף דעם אופן האַקט איהר אַליין אונטער דעם צווייג, אויף וועלכען איהר אַליין זיצט? און איך, אַ מוזיק קריטיקער פון אַ רוסישער צייטונג דאַרף אייך דאס אלסדינג ערקלעהרען און געבען צו פערשטעהן אייך, אייך אַ יודישען "פאָלקס" שרייבער!

זעהר-ניט שען פאַר אייך, געעהרטער הערר שלום עליכם!

יולי ענגעל.

---

## איבער דער גרויסער וועלט.

ב י ל י ג ע  ד י ר ו ת. איינס פון די וויכטיגסטע מיטלען געזונדער צו מאַכען די אָרימע קלאַסען — זענען נוטע דירות. צו דעם צוועק זענען אין די לעצטע יאָהרען געגרינדעט געוואָרען פיעל חברות, וואָס האָבען זיך געשטעלט צום צוועק צו בויען ביליגע און געזונדע וואָהנונגען פאַר די אָרימע. צוליעב דעמזעלבען צוועק האָט אויך יק״א אויפגעבויט ביליגע וואָהנונגען פאַר אָרימע יודען אין ווילנא. ליידער אָבער איז יק״א אין איהר אַרבייט שטעהן געבליבען און אין אַנדערע שטעדט ווערען נאָך דערווייל דירות פאַר יודען ניט געבויט. אַנדערש אָבער איז עס נאַטירליך ביי די אומות העולם. דערהויפּט איז זעהר פיעל געזאָרגט געוואָרען פאַר נוטע וואָהנונגען פאַר די אָרימע קלאַסען אין ענגלאַנד, בעלגיען און דענעמאַרק. אין דער לעצטער צייט האָט אויך די דייטשע רעגירונג פיעל געטהון אין דעם פונקט. אין די לעצטע 5 יאָהר (פון 1895 ביז 1900) האָט די פּריסישע רעגירונג אויסגעגעבען 20 מיליאָן מאַרק אויף בויען וואָהנונגען פאַר

ארבייטער. אין זאקסען און אין בייערן האבען די פערוואלטונגען פון די אייזענבאהנען געבויט הייזער פאר די אייזענבאהנען־ארבייטער. אין פיעל שטעדט פון דייטשלאנד האבען זיך דערמיט פיעל בעשעפטיגט די מאגיסטראטען, וועלכע האבען אדער אליין געבויט הייזער פאר די ארימע, אדער וועלכע האבען צו דעם צוועק געגרינדעט בעזונדערע ביינק אדער בעזונדערע אקציען־געזעלשאפטען. אין פיעל דייטשע שטעדט זענען די מאגיסטראטען איצט געקומען צו דער דעה, ניט צו פערקויפען מעהר שטעדטישע ערד, נאר צו פערדינגען זי. די הייזער, וואס ווערען אויפגעבויט אויף דער שטעדטישער ערד פון פריוואטמענשען, געהען אין פערלויף פון 60—80 יאהר אריבער אומזיסט צום מאגיסטראט. דערמיט ווערט דער מאגיסטראט דער בעל הבית פון די דירות און ער קען דערום מעהר זארגען, אז די דירות זאלען זיין היגיעניש איינגעריכטעט און קען השגחה געבען אויף די ריינקייט אין זיי. די שטעדט, וועלכע זענען רייכער, ווארטען ניט, ביז זיי וועלען האבען אייגענע דירות און זוכען דורך גרעסערע רוחים אדער דורך הלואות שוין איצט בויען וואס מעהר וואהנונגען פאר די ארימע קלאסען.

אבצאהלונגען אין טערקיי. די פינאנסען פון טערקיי געפינען זיך אין זעהר א טרויריגער לאגע. די בעאמטע און די אפיצירען קריגען ניט קיין געהאלט. צוליעב דעם זענען אין די לעצטע צייט ענטשטאנען אויך עטליכע מאוס'ע סקאנדאלען. די רעגירונג פערגרעסערט אלץ די אבצאהלונגען, אבער זי קען אלץ ניט ארויסגעהן פון דער קלעהם. איהרע חובות לאזען איהר ניט לעבען. די שווערסטע אבצאהלונג אין טערקיי איז מעשר פון די פעלדער און גארטענס. די אבצאהלונג איז נאך שווערער דורך דעם, דאס זי ווערט פערקויפט איינצעלנע מענשען. די אטקופשציקעס סטארען זיך נאטירליך צו פערדינען וואס מעהר און דריקען שווער דעם ערד־ארבייטער. די רעגירונג האט אמאל אליין געפרווט ניט פערדינגען די אבצאהלונגען און אליין איינצומאהנען מעשר, אבער איהר הכנסה איז דורך דעם געווארען א סך קלענער, און צוליעב איהו ארימקייט האט זי זיך געמוזט אומקעהרען צו דעם אלטען דרך ביים מאהנען אבצאהלונגען, וועלכער איז שוין פון לאנג אן בטל געווארען אין אלע אייראפעאישע מדינות.

מעשר אבער איז נאך ניט די איינציגע אבצאהלונג אין טערקיי. זי האט נאך אבצאהלונגען אויף ערד, הייזער, פיה, האנדעל א. ז. וו. חוץ די אלע אבצאהלונגען ווערט נאך א בעזונדער אבצאהלונג ארויפגעלעגט אויף די נישט מאהמעדאנער אנשטאט דער מיליטערדינסט, פון וועלכער יודען און קריסטען זענען אין טערקיי בעפרייט. די אבצאהלונג איז אויך ניט קיין קליינע, זי איז ניט אין אלע טערקישע מדינות גלייך און זי איז אונגעפעהר 10—15 פראנק א יאהר. די דאזיגע אבצאהלונג דארף צאהלען יעדער מאנסביל פון 16 ביז 40 יאהר.

די פינאנסען אין טערקיי ווערען געפיהרט ווי מיט הונדערטער יאהרען צוריק. די שכנות מיט אייראפא האט טערקיי ניט קליגער געמאכט און זי ניט אויסגעלערנט איינצופיהרען די נייטהיגע פערענדערונגען און פערבעסערונגען.

— אבצאהלונגען אויף וויין. וויין איז אומעטום בעלעגט מיט הויכע אבצאהלונגען, וויין ווערט אומעטום געהאלטען פאר א לוקסוס־ארטיקעל. גענגען דעם אבער טרעט מען ארויס אין פראנקרייך, וואו עס איז איצט א גרויסער קריזיס אין דעם וויינהאנדעל. די הויפט־סבה פון דעם איצטיגען וויין־קריזיס זעהט מען אין די הויכע אבצאהלונגען אויף וויין, וועלכע שטייגען א סך מאל אריבער די מקחים פון דעם וויין אליין. א פראנצויזישע צייטונג רעכענט אויס, אז רעכענענדיג אין דורכשניט 25 פראנק א העקטאליטער וויין (אין אמת'ן קאסט ער נור 2 פראנק), קומט אויס, אז דייטשלאנד נעמט 26 פראנק אבצאהל פון העקטאליטער, ד. ה. 100 פראצענט; ענגלאנד 27½ פראנק (110%), אמעריקא 47 פראנק, (190%), האלאנד 41 פראנק (162%), שוועדען 208 פראנק (830%) רוסלאנד 97 פראנק (390%) א. ז. וו. די צייטונג געפינט אזוינע אבצאהלונגען פאר צו הויך און מיינט, אז עס איז געגען די אינטערעסען פון האנדעל ארויפצולעגען אזוינע הויכע אבצאהלונגען אויף אזא ביליגען און פערברייטעטען פראדוקט.

די פערקלענערונג פון די אבצאהלונגען אויף וויין וואלט געווען ניט נור א מיטעל געגען דער קריזיס אין פראנקרייך. זי וואלט אויך געווען צו גוטען פאר די יודישע קאלאניסטען אין ארץ ישראל, וועלכע לעבען איצט אויך איבער א שווערע צייט צוליעב דעם קריזיס אין דעם וויינהאנדעל.

---

## ליטערארישע נייעס.

— דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער מאקסים גארקי גיט ארויס אונטער זיין רעדאקציאן איין זאמעלבוך, וואס וועט ענטהאלטען אין רוסישער איבערזעטצונג די בעסערע ערצעהלונגען פון די בעוואוסטע זשארגאנישע שרייבער אין רוסלאנד און אין אמעריקא.

— דאס דראמאטישע בילד „דאס אייביגע ליעד" פון מארעק ארנשטיין, וואס איז געדרוקט געווען אין „יוד" אין די נו' 46,47 פון פערגאנגענעם יאה"ר, איז פון דעם מחבר איבערגעארבעט געווארען אין פויליש און ווערט איצט געשפיעלט אין דעם ווארשאווער „דראמאטישען טהעאטער". די ווארשאווער צייטונגען לויבען דאס נייע שטיק פון דעם יונגען שרייבער.

— אין זשורנאל „קיעווסקאיא סטארינא" פאר יולי און אוגוסט איז געדרוקט א גרויסע ארבייט פון זשיטעצקי'ן אונטער דעם נאמען: „די יודען אין דרום רוסלאנד".

---

## נ ד ב ו ת

הנני מברכים את כל קרובינו ומיודעינו בשנה טובה ולאות ברכה נדבנו ע"י בית מערכת ה„יוד" 1 רו"כ לטובת הפועלים בא"י.

יעקב ובערטא ניידיטש.

בעד הזכרת נשמת אבי ז"ל אברהם יצחק גאלובצאוו הנני מנדבת 50 קאפ' בעד הנשרפים בבריסק ועוד 50 קאפ' בעד החולים בבסרביא.

בתו שרה יודעלאוויטץ, מיטוי.

לטובת הפועלים בא"הק נאסף בקערת עיו"ב עי' ה' ברוך לאנדוי בקראקא ונמסר למערכת ה„יוד" סך 4,76 כתרים.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

